חוה ראָזענפֿאַרב / מאָנטרעאָל

# עדזשעס נקמה

(דערציילונג)

זינט עדזשעס פֿאַרשווינדן פֿון דעם האָריזאָנט פֿון מײַן לעבן, איז דער פֿאַרלאַנג אַ סוף צו מאַכן צו זיך געוואָרן בײַ מיר שטאַרקער ווי תּמיד. דאָס איז עדזשעס נצחון איבער מיר. איר דעפֿיניטיווער נקמה־אַקט. איך בין גרייט זיך אים אונטערצוואַרפֿן; גרייט זיך אונטערצוואַרפֿן דעם פּערווערסן געזעץ, וואָס הערשט נאָך, ווײַזט אויס, איבער דער פּסיכיק פֿון די יעניקע ניצול־געוואָרענע, וואָס זײַנען מיט די נשמות געבליבן שטעקן אין קאַצעט ווי אין אַ פּאַסטקע — און ווילן פֿון אים קיין מאָל נישט אַרויס. איך מיין דאָ דאָס געזעץ וואָס זאָגט, אַז פֿאַרן ראַטעווען אַ לעבן, מוז מען באַצאָלן מיט אַ צווייטס. דער חשבון מוז שטימען. פֿאַרן האָבן געראַטעוועט עדזשעס לעבן, דאַרף איך אַ סוף מאַכן צו מײַנעם, אויב נישט הײַנט, איז מאָרגן, אויב נישט מאָרגן, איז צוואַנציק, דרײַסיק יאָר נאָך דעם געשעענעם.

גלײַכצײַטיק האָב איך אַ פֿאַרלאַנג קלאָר צו מאַכן פֿאַר זיך דאָס פּלאָנטער־רעטעניש, וואָס עדזשע שטעלט מיט זיך פֿאָר אין מײַן לעבן. איך מיין דאָ דאָס נאָכמלחמהדיקע לעבן, ווײַל אין קאַצעט זײַנען דאָך קיין פּלאָנטערנישן נישט געווען און אַלע נשמה־קאָמפּליקאַציעס זײַנען פֿון זיך אַליין אויפֿגעלייזט געוואָרן, אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן ווי אַן איבעריקער באַלאַסט. נאָר איין שאלה איז דאָרטן געבליבן אָנגעשפּיצט און שאַרף: ווי לעבט מען איבער נאָך אַ שעה, נאָך אַ טאָג? דאָס פֿליסן פֿון לעבן איז דאָך געגליכן צו וואַסערשטראָמען. ווען זיי שלענגלען זיך דורך פֿלאַכע שטילע פּליינען, פֿאַרפּלאָנטערן זיי זיך אין אַנאַנד. זיי בינדן זיך, צעשיידן זיך און פֿאַרמישן זיך אויף דאָס נײַ. אָבער ווען זיי קומען צו אַן אָפּגרונט, פֿאַלן זיי אין אים אַרײַן אין אַ גלײַכער ליניע, צוזאַמען, און דאָך יעדער שטראָם פֿאַר זיך אַליין.

צווייטנס, ווי קאָן איך זיך אַרײַנלאָזן אין באַטראַכטונגען וועגן מײַן קאַצעט־לעבן, בעת איך בין אַפֿילו אין דעם איצטיקן מאָמענט נישט ביכולת אויפֿצושרײַבן דאָס וואָרט „קאַצעט”, אַז די האַנט זאָל בײַ מיר נישט אָנהייבן צו ציטערן? ס'איז נישט צו פֿאַרשטיין. ס'איז נאַריש און לעכערלעך, וואָס אַפֿילו הײַנט, ווען איך האַלט בײַם אויפֿשליסן פֿאַר זיך דעם אייביקן טויער און זיך באַפֿרײַען פֿון אַלע פּאַסטקעס, באַפֿאַלט מיך נאָך אַלץ די אימה פֿאַר דערמאָנונגען פֿון דאָרטן און כ'מוז זיך באַגרענעצן צו באַרירן דאָ נאָר דאָס נייטיקסטע.

אָט די ווײַלע, בײַם אויפֿשרײַבן די ווערטער „דעם אייביקן טויער” האָט בײַ מיר גראָד די האַנט נישט געציטערט. וויפֿל מאָל האָב איך אין אָט דעם טויער אַרײַנגעקוקט, כ'קוק נאָך אַלץ אַרײַן, און כ'וועל אַרײַנקוקן, אַזוי — ביז׳קל איך וועל דערין אַרײַנשפּרײַזן? אָבער מײַן גלײַכגילט אין פּנים פֿון דער אייביקייט איז נישט קיין ענין פֿון געוויינטשאַפֿט. מע קאָן זיך צוגעוויינען אַרײַנצוקוקן אין דעם טויער פֿון נישט־ווערן און זען ווי אַנדערע

גייען דורך אים אַדורך, אָדער ווערן אין אים אַרײַנגעטריבן. רעדן דאַרף הײַנט די יעניקע אינטעלעקטואַלן, וואָס זײַנען דאָרטן נישט געווען, וועגן דער באַנאַליטעט פֿון רישעות — דעם אומקום פֿון אַנדערע. אָבער ווען עס קומט צום אייגענעם איינציק-מעגלעכן גאַנג, פֿאַרשווינדט די באַנאַליטעט און מ'איז שוין גאָרנישט גלײַכגילטיק. איך בין נישט קיין אויסנאַם. פֿאַרקערט, מײַן געראַטעוועט לעבן איז מיר טײַער. איך האָב דערפֿאַר באַצאָלט מער ווי אַנדערע ניצול-געוואָרענע, באַצאָלט מיט מײַן געוויסן ווי אַ צולאָג. דערפֿון נעמט זיך די קאַלטקייט בײַ מיר בײַם דערמאָנען די דאָזיקע טעמע. מײַן אייגנוויליק אַדורכגיין דעם אייביקן טויער איז געוואָרן בײַ מיר אַ קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו, אָן אונטערצײַען אַ סך-הכל אינעם חשבון. כּדי אַ חשבון זאָל שטימען, איז פֿאַראַן נאָר איין ריכטיקער ענטפֿער, נישטאָ קיין אָדער-אָדער. עדזשעס פֿאַרשווינדן פֿון מײַן לעבן האָט דאָס פֿאַר מיר דעפֿיניטיוו קלאָר געמאַכט. דאָס דערווידער-געפֿיל פֿאַר מײַן טײַער לעבן האָט בײַ מיר סוף-כּל-סוף מנצח געווען דאָס דערווידער-געפֿיל פֿאַרן טויט.

□

דער געדאַנק וועגן אײַנשאַפֿן זיך שלאָפֿפּילן איז בײַ מיר אויפֿגעקומען גלײַך די ערשטע וואָך נאָך דער באַפֿרײַונג פֿון קאַצעט. אַזוי גיך ווי די דײַטשע וואַכפּאָסטנס זײַנען פֿאַרשוווּנדן פֿון אַרום דער דראָטן-פֿאַרצוימונג, בין איך אַנטלאָפֿן פֿון לאַגער וווּאַהין די אויגן האָבן מיך געטראָגן. כ'האָב זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער חרובֿער דײַטשער ערד, געפּרוּווט צו אַנטלויפֿן פֿון זיך, אַנטלויפֿן פֿון מענטשן, נישט וויכטיק צי זיי זײַנען געווען די זיגערס, צי די באַזיגטע. דער אָנבליק פֿון אַ מענטשלעך פּנים האָט מיך געעקלט. אָבער מיט דער צײַט האָט זיך די עלנט אַזוי צעיאָמערט אין מיר, אַז איך האָב מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן, און כ'האָב זיך אָנגעשלאָסן אָן אַ גרופּע פֿון געוועזענע קאַצעטלערס, וואָס האָבן געוואַנדערט פֿון לאַגער צו לאַגער און געזוכט קרובֿים. זיי זײַנען געקומען פֿון דער ענגלישער זאָנע און קיינער פֿון זיי האָט נישט געשטאַמט פֿון מײַן שטאָט. איך האָב נישט געהאַט קיין קרובֿים צו זוכן, דאַך האָב איך זיך מיט זיי מיטגעשלעפּט. ערשטנס, ווײַל ס'איז מיך באַפֿאַלן אַ פּאַנישע אימה צו זײַן אַליין. צווייטנס, האָב איך געהאָפֿט, אַז מיט זיי, צי אַ דאַנק זיי, וועל איך אויסגעפֿינען אַ וועג ווי אַזוי זיך צום גיכסטן אַרויסצובאַקומען פֿון דײַטשלאַנד.

ס'איז געווען אַ ליכטיקער פֿרילינגדיקער טאָג. איך בין מיט מײַן גרופּע וואַנדערערס געזעסן בײַם ברעג פֿון אַ צעטרייבערט פֿעלד, נאָענט פֿון שאָסיי. קיין נאָרמאַלע טראַנספּאָרטאַציע-מיטלען זײַנען נאָך דעמאָלט נישט געווען, און מיר האָבן געוואַרט, אַז אַ מיליטערישער טראָק זאָל אונדז אויפֿנעמען. נאָך אַ צײַט וואַרטן, איז טאַקע אַזאַ טראָק אָנגעקומען. דער אַמעריקאַנער שאָפֿער איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון געזעס, אַראָפּגעלאָזט די הינטערשטע קלאַפּע פֿון וואָגן, און מיר האָבן אויף אים אַרויפֿגעקלעטערט. און דאָ, אומגעריכט, האָבן מיר אויף די ברעטער פֿון טראָק דערזען ליגן אַ שלאָפֿנדיקן קאַצעטניק. דער טאַראַראַם האָט אים אויפֿגעוועקט. ער איז אויפֿגעשפּרונגען אויף די פֿיס, האָט אונדז אַרומגענומען מיט אַ גיכן בליק און זיך אַרײַנגערוקט אין ווײַטסטן ווינקל. ווי נאָר מיר האָבן זיך גערירט פֿון אָרט, האָט ער זיך אומגעקערט צו אונדז מיטן רוקן און זיך אָנגעכאַפּט בײַ די ברעטער פֿון צעטרייסלטן טראָק. מיר האָבן זיך צוגערוקט נענטער צו אים, גרייט אים אויסצופֿרעגן פֿון וועלכן לאַגער ער קומט, וווּ ער פֿאָרט, און וואָס פֿאַר אַ ידיעות ער האָט.

אין אָט דער רגע, האָט איינער פֿון מײַן חבֿרה זיך פּלוצעם צערעוועט: „איך קען אים! אַ קאַפּאָ פֿון מײַן לאַגער! האַמעק דער תּלין!" ער האָט אַ ציל געטאָן מיט אַ שפּיציקן בײַניקן ווײַזפֿינגער אין דעם פֿרעמדנס פּנים, ווי ער וואָלט זיך פֿאַרמאָסטן אים אויסצושטעכן די אויגן.

אין אַ רגע אַרום איז דער פֿרעמדער חבֿרה־מאַן געלעגן אויף די צעהוידעטע דילברעטער פֿון טראַק. מײַנע באַגלייטערס האָבן אויסגעלאָדן זייערע צעווייטיקטע הערצער אויף אים, מיט קאַפּעס, מיט קללות און יללות. דער חבֿרה־מאַן האָט זיך נישט געוועהרט, נישט פֿאַרטיידיקט. ער האָט אויפֿגענומען די קלעפּ מיט טעמפּע קרעכצן דורך פֿאַרפּרעסטע ליפּן. אפֿשר האָט ער זיי געוואָלט, געוואָלט אַדורכגיין אָט אַזאַ ריטואַל פֿון רייניקן זיך דורך די קלעפּ, אין דער האָפֿענונג, אַז דערנאָך וועט ער שוין האָבן באַצאָלט דעם פּרײַז, און ער וועט אויך האָבן אַ רעכט צו געניסן פֿון דער פֿרײַהייט?

מיך האָבן אַזוי צענומען די קלעפּ וואָס ער האָט באַקומען, אַז איך האָב זיי געפֿילט ווי זיי וואָלטן געטראָפֿן אין מיר. אָבער נאָך מער האָט מיך געהאַט אויפֿגעטרייסלט דער אויסגעשריי: „איך קען אים! אַ קאַפּאָ!" דאָס קול האָט זיך צעקלונגען אין מײַנע אויערן און האָט נישט געוואָלט אײַנשטומען. דאָס איז געווען דאָס ערגסטע: דער שאָק דערקענט צו ווערן. דער אינערלעכער צאַפּל אויפֿן אַנבליק פֿון אַ שפּיציקן ווײַזפֿינגער. אָט דאָס האָט מיר אַוועקגענומען דעם אָטעם.

וואָס עס איז געשען מיט ראַמעקן, דעם „תּלין", ווייס איך נישט. ווי נאָר מיר זײַנען אָנגעקומען אין נאָענטסטן שטעטל, האָט חבֿרה אים גענומען שלעפּן צו אַ סטאַנציע פֿון דער מיליטער־פּאָליציי. איך האָב אויסגענוצט אָט די געלעגנהייט צו מאַכן פּליטה פֿון מײַנע באַגלייטערס.

איך האָב זיך ווי נישט איז דערשלאָגן קיין מינכען און אָנגעקומען צו אַ מיטפֿילנדיקן, שוידערלעך־נאַיוון אומוויסנדיקן „אונראַ"־דאָקטער. איך האָב זיך פֿאַר אים געקלאָגט, אַז איך קאָן נישט שלאָפֿן בײַ נאַכט און אים געבעטן מיר געבן שלאָפֿפּילן.

„עפּעס אַ וווּנדער, טײַער מיידל, וואָס דו קאָנסט נישט שלאָפֿן? — האָט ער מיר באַרעמהאַרציק געגלעט דעם אַקסל — נאָך דעם אַלעם וואָס דו ביסט אַדורכגעגאַנגען, האָסטו מסתּמא קאָשמאַרן אַפֿילו בײַ טאָג, וואַכערהייט". גיי דערצייל אים, אַז נישט נאָר צוליב די קאָשמאַרן פֿון געוועזענעם וויל איך פֿון אים די שלאָפֿפּילן, נאָר אויך צוליב די קאָשמאַרן פֿון דעם קעגנוואַרטיקן, ווונדערלעכן, טײַער־באַצאָלטן לעבן מײַנעם.



אַזוי בין איך אַנטלאָפֿן פֿון דײַטשלאַנד אין דעם איינציקן ציווילן קלייד מײַנעם, וואָס איך האָב זיך געהאַט „אָרגאַניזיר"ט" אין אַ דײַטש הויז. אָבער אין מײַן וואַנדער־טאָרבע זײַנען שוין געלעגן די פֿינף און צוואַנציק שלאָפֿפּילן, וואָס דער גוטער דאָקטער האָט מיר געגעבן. דאָס איז געווען דאָס גאַנצע פֿאַרמעגן וואָס איך האָב מיטגעבראַכט קיין קאַנאַדע פֿון דעם אייראָפּעישן קאָנטינענט. די פּילן זײַנען פֿאַר מיר געווען במקום טאַטע־מאַמע, במקום באָבע־זיידע, במקום מײַן זעכצן־יאָריקן ברודער און מײַן צען־יאָריק שוועסטערל, מײַן ליבלינג, מאַניושען. זיי זײַנען בײַ מיר געווען במקום אַלע מײַנע מומעס און פֿעטערס, מײַנע קוזינען און קוזינקעס, במקום מײַן היימשטאָט, מײַן קינדהייט, מײַן פֿריִע יוגנט און מײַן גרויסע ערשטע און איינציקע ליבע. שלאָפֿפּילן זײַנען געוואָרן מײַן לעבן — און מײַן טויט. און זיי זײַנען מײַן איינציקער וועג צוריק צו דער אומשולד.

דורך די אַלע יאָרן וואָס איך האָב זיך אַרומגעטראָגן מיט שלאָפֿפּילן, האָב איך געפֿונען אַ שטאַרקונג אין דעם צוזאָג וואָס איך האָב זיך געהאַט געגעבן, אַז דעם טאָג ווען עמעץ וועט מיך דערקענען און אַנטפּלעקן אַ פֿינגער אויף מיר, וועל איך אַנקומען צו די פֿאַרביקע קרעלן־ענלעכע דערלייזערס מײַנע. איך האָב זיך געזאָגט, אַז דעם פֿאַרנעם פֿון דעם נאָכבאַפֿרײַונג־גיהנום וואָס איך גיי אַדורך, איז מײַן פּרעראָגאַטיוו צו באַשטימען, און אַז איך האָב נישט בדעה צו דערלאָזן, אַז אַנדערע זאָלן דאָס פֿאַר מיר טאָן. אויב לאָזן זיך צעפּרעסן פֿון דער שולד, בין איך די איינציקע וואָס ווייסט ווי ווײַט זי גרייכט, און אויף וויפֿל איך האָב זי פֿאַרדינט. ווײַל נישט איך בין דער אמתער שולדיקער. וואָס עס איז געשען, וואָלט געשען אויך אָן מײַן צולייגן אַ האַנט. איך האָב נישט פֿולער געמאַכט דעם בעכער מיט סם, מיט קיין איין טראָפּן. איך האָב נאָר געהאַלטן סדר צווישן די סם־טרינקערס.

אויב עס איז מעגלעך געווען צו זײַן אַ גוטע קאַפּאָ, בין איך אַזאַ געווען. די קאַצעטניצעס האָבן מיך גערופֿן די שוואַרצע רעלאַ בלויז דערפֿאַר, וואָס איך האָב שוואַרצע האָר, שוואַרצע אויגן און אַ טונקעלע הויט. איך בין נישט קיין מערדערין, אַפֿילו נישט קיין שלעגעריך פֿון דער נאַטור, הגם כ׳האָב געשלאָגן און אין אַ באַשטימטן זינען זיך משתתּף געווען אין מאָרד. כ׳בין אויפֿגעוואַקסן אין אַ נגידישער קולטורעלער שטוב. כ׳האָב געהאַט גוטע מידות. כ׳האָב ליב געהאַט מענטשן. כ׳האָב ליב געהאַט דאָס לעבן. כ׳האָב שטאַרק ליב געהאַט מײַן שוועסטערל מאַניושען, צו וועמען איך בין געווען ווי אַ צווייטע מאַמע, ווײַל אונדזער מוטער איז געווען אַ קרענקלעכע. כ׳האָב הנאה געהאַט פֿון די גרויסע זון־געבאַקענע טעג, ווען מיר זײַנען געווען אויף זומער־וווינונג, און כ׳האָב זיך געקוויקט מיט די מילדע גלעטנדיקע פֿאַרנאַכטן, ווען מיר זײַנען אַלע געזעסן אויף דער וועראַנדע און מאַניושע האָט דעקלאַמירט קינדערלידער. ס׳דערמאָנט זיך מיר אַ סטראָפֿע פֿון לעאָפּאָלד סטאַפֿס אַ פּאָעמע וואָס זי האָט רעציטירט: „אויף דער סטעזשקע שפּרינגט אַ זשאַבע. ווער ס׳האָט מורא איז אַ באַבע!״ כ׳האָב ליב געהאַט פּאָעזיע, גוואַלדיק ליב געהאַט פּאָעזיע. און כ׳בין געווען אַ באַבע, אַ פּחדן. כ׳האָב מורא געהאַט פֿאַר זשאַבעס, פֿאַר מײַז און פֿלעדערמײַז.

אין קאַצעט האָב איך געזען מײַן גאַנצע משפּחה אויפֿגיין מיטן קרעמאַטאָריע־רויך. כ׳האָב זיך געוואָלט ראַטעווען. כ׳בין אַלט געווען נײַנצן יאָר. כ׳האָב געוואָלט איבערלעבן. כ׳האָב זיך נישט אויסגעקליבן דעם אופֿן ווי אַזוי דאָס צו טאָן. נישט געווען קיין אופֿנים פֿון וועלכע אויסצוקלײַבן. מזל איז געווען דער עיקר. דער אופֿן האָט מיך אויסגעקליבן. אפֿשר האָב איך בלינדערהייט, אין דער פֿאַרבלענדעניש, זיך יאָ אַרויסגעהאָלפֿן מיטן אינסטינקט. אָבער דער אינסטינקט איז דאָך אויך אין די הענט פֿון מזל. נישט תּמיד פֿונקציאָנירט ער ווי געהעריק.



ס׳איז געווען די צווייטע וואָך פֿון מײַן זײַן אין קאַצעט. כ׳האָב קוים געוווּסט וואָס עס טוט זיך מיט מיר. אַ זאַמדיקע רויכיקע פֿאַנטאַסמאַגאָריע האָט זיך געוויקלט פֿאַר מײַנע אויגן. אַ פֿײַפֿערײַ, געשרייען, אַ בילן פֿון הינט, באַראַקן, קומענס — און פּנימער. פּנימער ווי שטיינער, שטיינער ווי פּנימער האָבן געווירבלט פֿאַר מײַנע אויגן ווי טיילן פֿון אַ לויז־געוואָרענעם געפּלאַסטער. פֿון טונקעלן פֿאַרטאָג ביז שפּעט אין אָוונט, האָבן מיר, די פֿינף הונדערט פֿרויען פֿון מײַן ריזיקן באַראַק, געלאָדנט שטיינער אויף לאָרעס און זיי אַריבערגעפֿירט פֿון איין אָרט צום אַנדערן. הגם דער הונגער האָט

מיך שוין שטאַרק געפּײַניקט, האָב איך זיך נאָך געפֿילט בײַ די כּוחות. די האַרעוואַניע האָט נאָך נישט געהאַט באַוויזן מיך אײַנצוברעכן. ס'האָט מיך געפּײַניקט אַן אַנדערע צרה. אין דעם פֿאַרלוירענעם אַמאָל — נאָך אַזוי נאָענט אין צײַט און שוין אַזוי ווײַט ווי אַ חלום — האָב איך געפֿלעגט שטאָלצירן מיט מײַן הויכער פֿיגור און מײַן געזונטן פֿײַן־אַנטוויקלטן גוף. איצט איז מײַן הייך געוואָרן מײַן גרעסט אַנשיקעניש. נישט מעגלעך געווען זיך צו באַהאַלטן און נעלם ווערן אין דער מחנה. פֿון אַלע מאַרש־קאָלומנעס האָב איך אַרויסגעסטאַרטשעט ווי אַן אויסרוף־צייכן, און האָב אַרויסגערופֿן בײַ אונדזערע שומרים אַ חשק מיר צו פּאַדאַוועןן. ווײַזט אויס, אַז מײַן הייך האָט זיי אויפֿגערעגט, ווײַל זי האָט צעשטערט די סימעטריע, די האַרמאָניע פֿון אָט דער וועלט וואָס זיי האָבן אויפֿגעבויט.

קיינער האָט פֿריִער קיין האַנט נישט געהאַט אויפֿגעהויבן אויף מיר. איצט האָב איך באַקומען די גרעסטע צאָל פּליאַסקעס פֿון אַלע מײַנע מיטמאַרשירערינס. אָט די קלעפּ זײַנען געווען דאָס ערגסטע. כ'האָב זיי נישט געקאָנט פֿאַרנעמען. כ'בין געווען זיכער, אַז נישט פֿון הונגער, נישט פֿון שוואַכקייט וועל איך אומקומען — נאָר פֿון די קלעפּ. (האָט דאָס געקאָנט זײַן די סיבה פֿאַר וואָס איך האָב שפּעטער אַרײַן אַזוי ברייטהאַרציק אויסגעטיילט קלעפּ צו מײַנע לאַגער־מיידלעך ?)

אַזוי האָט מײַן לאַגער־לעבן זיך געשלעפּט, ביז דער מאָמענט איז געקומען, ווען איך האָב אין מײַן יִאוש געמאַכט דעם קאַרק־ברעכערישן שריט. כ'האָב ריזיקירט מיט מײַן לעבן, כּדי זיך צו ראַטעווען דאָס לעבן. גראָד מײַן אַנזעעוודיקייט האָב איך גענומען צו הילף, און אויך מײַן גוטן דײַטש. אין דער היים בײַ אונדז האָט מען גערעדט פּויליש. אָבער מיר האָבן געהאַט אַ דײַטשע קעכין. כ'האָב אויך געלערנט דײַטש אין דער גימנאַזיע. כ'האָב גראָד געהאַלטן בײַם אָנטפּלעקן די פּראַכט פֿון דער דײַטשער פּאָעזיע, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן. „מאַך דײַנע רעכנונג מיט דעם הימעל, וואָגט״, — האָט געזאָגט שילערס ווילהעלם טעל צום אונטערדריקער. איך האָב געמאַכט מײַן חשבון מיטן הימל אין יענעם פֿינצטערן פֿאַרטאָג, ווען מיר האָבן פֿאַרבײַמאַרשירט דעם מענער־לאַגער אויפֿן וועג צו אונדזער אַרבעטפּלאַץ. געוויינטלעך האָב איך זיך באַמיט אויסצוקומען ערגעץ אין דער מיטן פֿון מײַן מאַרש־קאָלומנע פֿון פֿינף פֿרויען אין דער ברייט, כּדי זיך וואָס ווינציקער צו וואַרפֿן אין די אויגן. אָבער דאָס מאָל בין איך געגאַנגען די ערשטע צו דער זײַט פֿון מײַן פֿינפֿטל, די נאָענטסטע צו די דראָטן פֿון מענער־לאַגער.

איך האָב געוווּסט, אַז דער גאָל־קאָפּיקער קאַפּאָ, אַלבערט, אונדזער אויפֿזעער בײַ דער אַרבעט, וועט אונדז דאָרטן אָפּוואַרטן בײַם טויער. אונדזער קאָלומנע פֿרויען האָט אים פֿאַרבײַגעצויגן, לויטן באַפֿעל, די קעפּ געבויגן, די אויגן אַראָפּגעלאָזט; פֿאַרבאָטן געווען צו וואַרפֿן דעם מינדסטן בליק אין דער ריכטונג פֿון מענער־לאַגער. נאָר איך אײנע האָב דעם באַפֿעל נישט אויסגעפֿירט. כ'האָב מאַרשירט אַן אויסגעגלײַכטע, אין מײַן פֿולער הייך, און ווען מײַן בליק האָט זיך באַגעגנט מיט אַלבערטס, האָב איך אים געשאָנקען מײַן כּישופֿדיקסטן שמייכל און ריזיקירט אים צו באַגריסן מיט אַ פּערפֿעקט־קלינגענדיקן „גוטען מאָרגען״.

אַלבערט האָט געטראָגן אַ גרינעם דרײַעק אויף זײַן „פּאַשאַק״, וואָס האָט באַצייכנט זײַן קאַטעגאָריע פֿון אַ קרימינעלן. ער איז אויך געווען אַ דײַטש און אַן אַכזר אָן אַ האַרץ, וואָס האָט געקאָנט מיט די גאָלע פֿויסטן אַוועקהרגענען זײַן קרבן. ער אַליין

האָט אַפֿילו קיין גרימאַסע מיט דער ענלעכקייט צו אַ שמייכל נישט געקאָנט מאַכן, און זיכער האָט ער קיין מאָל אַזאַ שמייכל ווי מײַנעם נישט געהאַט באַגעגנט אין אָט דעם טויטנטאָל. אין דער פֿינצטער פֿון פֿאַרטאָג, האָב איך באַוויזן אויפֿצוכאַפּן מיט די בליקן ווי שטאַרק דערשטוינט ער איז געוואָרן פֿון מײַן חוצפּה.

דעם זעלביקן פֿינצטערן פֿאַרטאָג איז ער צוגעקומען צו מיר אויף דער „פּלאַצוווקע“. ער האָט מיך אָנגעכאַפּט פֿאַרן אָרעם און אָן אַ וואָרט אַרויסצורעדן, מיך אַוועקגעשלעפּט העט צום ברעג פֿונעם זאַמדפֿעלד וואָס האָט אונדז אַרומגערינגלט. איך בין געווען זיכער, אַז ער וועט מיך אָט באַלד ממית זײַן. אַ באַרג פֿון צעבראָכענע לאָרעס איז דאָרטן געלעגן אָנגעהויפֿנט הינטער אַ בודע. ער האָט מיך אַרײַנגעשלײַדערט אין אַן איבערגעקערטער לאָרע און דאָרטן האָט ער מיך גענומען.

אַזוי איז אַלבערט געוואָרן מײַן ערשטער מאַן. איך בין דאָך דערצויגן געוואָרן אין אַזאַ צניעות. מײַן ערשטע גרויסע ליבע האָט זיך געהאַט באַנוגנט מיט געגנבֿעטע קושן אין טונקעלע אַלעען און פּאַרקן. אָבער מיט אַלבערטן איז אַוועק אַ גאַנג. ער האָט געזען דערצו, אַז איך זאָל ווערן אַ „שטובנדינסט“ אין מײַן באַראַק, דערנאָך אַ געהילף־קאַפּאָ, און נאָך זעקס חדשים זײַן אין לאַגער אַ פֿולע קאַפּאָ. צום גליק. ווײַל כ׳האָב געשוואָנגערט. ווי אַ קאַפּאָ האָב איך געקאָנט זיך פֿרײַער באַוועגן, און אַלבערט האָט געקאָנט זען דערצו, אַז איך זאָל פּטור ווערן פֿון דער זאַך. אַלבערט — מײַן טעווטאָנישער גאָט! ער האָט געקאָנט טאָן מיט מיר וואָס ער האָט געוואָלט. ווען ער האָט מיר צום ערשטן מאָל געזאָגט: „איך ליבע דיך“, בעת אין מײַנע נאָזלעכער האָט זיך אײַנגעגעסן דער רויך פֿון קרעמאַטאָריע־אויוון, איז דאָס האַרץ בײַ מיר שטיין געבליבן. האָבן אָט די ווערטער, אַרויסגעזאָגטע אין אַן איבערגעקערטער וועלט, נישט געהאַט אַ מאָל אַ קאַפּויערדיקן מיין? האָט דאָס נישט אַ מאָל באַטײַט, אַז ער איז גרייט מיך אומצוברענגען?

אַז ער האָט ווידער אַ מאָל און אָבער אַ מאָל איבערגעחזרט אָט די דרײַ משונהדיק־קלינגענדיקע ווערטער, האָב איך אַרויפֿגעצויגן אויף מײַנע ליפּן דעם כּישופֿדיקסטן שמייכל, און אים נאָכגעשפּעט: „איך ליבע דיך. מיך רײַצט דײַנע שעהנע געשטאַלט, און קאָמסט דו ניכט וויליג, זאָ בראַוך איך געוואַלד!“ מײַן גאָט אַלבערט האָט נישט געהאַט קיין גרינגע אָנוגג, אַז דאָס רעציטיר איך געטעס „ערלקעניג“ פֿאַר אים. אָבער ער האָט גוט געוווּסט, אַז ער באַגייט ראַסנשאַנד. דאָס האָט אים געווײַלט און אונטערגעהייצט זײַן העלישע ליבע צו מיר. ער האָט מיר אַפֿילו צוגעזאָגט חתונה צו האָבן מיט מיר, ווי נאָר די מלחמה וועט זיך ענדיקן. איך האָב אים געגלעט דעם אַפּראַזירטן קאָפּ און אין האַרצן זיך געפֿרעגט, צי מײַן גאָט — דער מאָנסטער אַלבערט — איז אַ מאָל געווען אַ קינד, זיך געשפּילט אויף אַ מאַמעס שויס, און אײַנגעזויגן כאָטש אַ טראָפּן מענטשלעכע גוטסקייט אין זיך. דאָס האָט מיר נישט אויסגעזען מעגלעך.

מײַן גאָט אַלבערט האָט אויך מעוברת געמאַכט מײַן נשמה מיט אַ שד, פֿון וועלכן כ׳האָב נישט געטאָרט פּטור ווערן, ווײַל ער איז געווען מײַן גאַראַנטיע פֿאַר יעדן טאָג לעבן. אַ דאַנק אים בין איך געוואָרן דאָס וואָס כ׳בין געוואָרן. איך בין געווען שטאָלץ מיט מײַן אַלבערטן, שטאָלץ מיט מײַן פּאָזיציע אין דעם מלכות פֿון טויט. אין קאַצעט האָט דאָס וואָרט „קאַפּאָ“ אַרויסגערופֿן די פּאַרכט וואָס מען האָט פֿאַר פּריסטערס, צי פּריסטערינס, די היטערס פֿון הייליקע פֿײַערן.

די קאַצעטניצעס האָבן מיר געחנפֿעט. אַ גוט וואָרט פֿון מײַן מויל איז געווען

פֿאַר זייערע אויערן די שענסטע מוזיק. עס האָט זיי געמאַכט פֿילן זיכערער מיט נאָך אַ פּאָר שעה פֿון זייער לעבן. זיי האָבן זיך געקריגט צווישן זיך, ווער עס זאָל מיר וואַשן די אונטערוועש און מיר רייניקן די שיך. זיי האָבן געציטערט פֿאַר יעדן גאַווהדיקן באַוועג פֿון מײַן האַנט, און האָבן אויסגעטײַטשט און אַרײַנגעטײַטשט אין יעדער גרימאַסע פֿון מײַן פּנים. איך, וואָס כ'האָב פֿאַר דער מלחמה זיך גערייטלט בײַם אַרויסזאָגן דאָס מינדסטע נישט־אָנשטענדיקע וואָרט, בין דאָ געוואָרן קרעאַטיוו אין באַשאַפֿן עכטע פּערל פֿאַר מײַן לעקסיקאָן פֿון ניבול־פּה. איך, וואָס כ'האָב פֿאַר דער מלחמה גערעדט דאָס פּוילישע לשון אין אַ זיסן עלעגאַנט־געפֿלעגטן טאָן, האָב איצט געהאַט אַ ווילד פֿאַרגעניגן פֿון רעוועַן ווי אַ צויג. און איך, וואָס כ'האָב אַ מאָל געמיינט, אַז מײַנע הענט זײַנען באַשאַפֿן געוואָרן פֿאַר לויטער צאַרטקייטן און צערטלערײַען, האָב זיי איצט געהאַלטן פֿאַרקלעמט אין שטייניקע פֿויסטן, זיי אַראָפּצולאָזן איבער סקעלעטישע געבויגענע רוקנס — מיט אַ פֿאַרגעניגן, יאָ, מיט אַ מין סענסועלן תּענוג, אָרגיאַסטיש.

דער בײַ־געבוירענער שד אין מיר האָט מיר געגעבן אַ געפֿיל פֿון פֿרײַקייט אין אָט דער פֿאַרשקלאַפֿונג, דאָס געפֿיל, אַז אַ טאָג לעבן איז אַ טאָג אייביקייט, אַז דער קאַצעט איז דער אוניווערס, און אַז פֿון דאַנען פֿירן קיין וועגן נישט ווײַטער. אוודאי האָט מען גערעדט און געחלומט פֿון דער אמתער פֿרײַ. אָבער קיינער האָט אין איר נישט געגלייבט. דער רויך וואָס האָט טאָג און נאַכט געשלאָגן פֿון די קוימענס האָט באַשטעטיקט די סופֿיקייט. ער האָט נאַרקאָטיזירט דעם פּחד, ער האָט מיך פֿאַרשיכּורט און מיך געמאַכט הפֿקרדיק־ספּאָנטאַן. אַלע פּענטעס פֿון ציוויליזירטער, מענטשלעכער אויפֿפֿירונג זײַנען פֿון מיר אָפּגעפֿאַלן. כ'האָב געהאַט דאָס געפֿיל פֿון אַרומדרייען זיך מיט אַן אָפּגעשונדענער הויט, אין אַ צעהוליעטער סטיכיע פֿון פּרימיטיווסטע אינסטינקטן. צווישן דאָ און נישטאָ איז פֿאַרשוווּנדן די גרענעץ. צווישן מענטש און חיה איז פֿאַרשוווּנדן דער אונטערשייד. דער פֿונק פֿון מענטשלעכקייט, אויב ער האָט נאָך געטלײַעט אין מיר, איז געווען נישט מער ווי אַ פֿונק.

וואָס מאַך איך זיך צום נאַר און פּרוּוו זיך צורירן צו דעם וואָס לאָזט זיך ניט באַרירן? איך האָב דאָך נישט בדעה געהאַט זיך אַרײַנצולאָזן דערין. דאָך מוז איך אַרויסברענגען, מוז איך פֿעסטשטעלן, אַז ס'איז פֿאַלש צו טראַכטן, אַז נישט יעדער איינער האָט געקענט זײַן אַ קאַפּאָ. ס'איז אַ בלאָף. אין אָט דער וועלט פֿון וועלכער כ'בין מיט נסים אַרויסגעקומען, האָט יעדער איינער געקאָנט זײַן אַ שלעגער, אַ רוצח, אַ מערדער. ווען עס קומט צום שלאָגן זיך פֿאַרן אייגענעם לעבן, גילטן נישט קיין מאָראַלישע געזעצן. וועט מען מיך פֿרעגן: טאַקע נישט געווען קיין אויסנעמען? וועל איך זאָגן: געווען, אוודאי זײַנען געווען משוגעים, וואָס האָבן ריזיקירט מיטן אייגענעם לעבן, כּדי נישט צו באַפֿלעקן דאָס, וואָס זיי האָבן גערופֿן, דעם צלם־אלהים. איך האָב צו די יעניקע נישט געהערט. כ'האָב מיט מײַן לעבן נישט געוואָלט ריזיקירן.

מײַן דערבאַרעמדיקער זכּרון האָט דאָס פּנים פֿון אַלבערטן, מײַן קאַצעט־גאָט, קיין מאָל נישט אַרײַנגענומען אין זיך. אַלץ וואָס איך געדענק איז זײַן אָפּגעגאָלטער גרוי־שאָטנדיקער קאָפּ, וואָס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געווען באַדעקט מיטן אַש פֿון די קוימענס.



מײַן טראַגעדיע נאָך דער מלחמה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב נישט געקאָנט פֿאַר קיינעם זיך מתוודה זײַן, און די לאַסט פֿון די זינד, וואָס כ'האָב געטראָגן

אין זיך, האָב איך נישט געקאָנט פֿאַרגעסן. איך בין מסכּים מיט די היַינטיקע פּלומרשט־פֿאַרשטאַנדיקע פּסיכאָלאָגן, וואָס גריבלען זיך אין דער פּסיכיק פֿון די ניצול־געוואָרענע, און שטעלן פֿעסט, אַז יעדער פֿון זיי טראָגט זיך אַרום מיט אַ גיגאַנטיש שולדגעפֿיל פֿאַר האָבן איבערגעלעבט. אויב אַזוי, טאָ וואָס דאַרף זײַן דער אויסמעסט פֿון מײַן שולדגעפֿיל ? די זאַך איז, וואָס איך פֿיל נישט אַזוי ווײַט אַ שולד, ווי אַן עקל, אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקן עקל — פֿריִער פֿון אַלץ צו זיך אַליין, באַגלייט מיט אַ באַזונדערער אַנגסטיקייט, אַ משוגעהדיקער אימה — פֿאַרן וואָרט „קאַפּאָ". דאָס וואָרט איז געוואָרן ווי אַ קֵין־צייכן וואָס איך טראָג. איך שוידער אויף ווען איך הער עמעצן אַרויסזאָגן אָט דאָס וואָרט אויף אַ קול. דערפֿאַר בין איך אַנטלאָפֿן אַהער, אין דעם ווײַטסטן ווינקעלע פֿון דער ערד ; געהאָפֿט, אַז דער היִגער פֿראָסט וועט דאָס וואָרט אײַנפֿרירן, אַז דער שנײ וועט עס אָפּמעקן. כ'האָב זיך טועה געווען. און דער פּאַראַדאָקסאַלער פּועל־יוצא דערפֿון איז געווען, אַז איך בין פֿאַרבליבן תּאוותדיק צוגעבונדן צום לעבן, און האָב כּסדר געפֿלירטעוועט מיטן טויט. איך האָב נאָר געוואָרט אויף דעם מאָמענט, אַז עמעץ זאָל אויסשרײַען מיר אין פּנים אַרײַן: „איך קען דיך! דו ביסט געווען אַ קאַפּאָ!"

אָט דער זעלבסטמערדערישער אימפּולס האָט מיך געהאַלטן צוגעבונדן צו עדזשען. פֿון איר האָב איך דערוואַרט צו הערן אָט דעם אויסגעשריי.



ס'איז געווען בעת אַ סעלעקציע־אַפּעל אין קאַצעט. עדזשע (איך האָב דעמאָלט נישט געקענט איר נאָמען) האָט קוים געזשיפּעט, און מסתּמא האָט זי מורא געהאַט, אַז מען וועט זי אַרויסנעמען פֿון דער ריי און שיקן „נאַ שמעלץ", ווי מען האָט געזאָגט אויף די יענע וואָס זײַנען באַשטימט געוואָרן פֿאַר דער קרעמאַטאָריע. זי האָט זיך נישט צוגעשטעלט צום אַפּעל, נאָר האָט זיך באַהאַלטן אין דער בלאָטע צווישן בעזעם־קאַסטן און דער לאַטרינע. אַ נאַריש באַהעלטעניש. אויב נישט איך, וואָלט אַן אַנדערע קאַפּאָ זי גלײַך געהאַט דערשנאַפּט. עס האָט מיר נישט לאַנג גענומען, אין מײַן זוכעניש פֿון די אַנטלאָפֿענע, זי דאַרטן צו אַנטפּלעקן. זי איז געזעסן אײַנגעקאָרטשעט אין דער שוואַרצער בלאָטע, אַן אײַנגעטונקענער זאַק מיט ביינער. דאָס בערשטל האָר, וואָס האָט אָנגעהויבן צו שפּראָצן אויף איר ראַזירטן קאָפּ, איז געווען אויפֿגעשטעלט ווי דרעטלעך. איר פּנים איז געווען אַזוי שוואַרץ ווי די בלאָטע.

כ'האָב זי אָנגעכאַפּט פֿאַרן קאָלנער פֿון איר צעכראַסטעטן קלייד אונטערן קאַרק. זי איז אַ פֿאַל געטאָן אויף אַלע פֿיר, און אַזוי האָב איך זי געשלעפּט מיט זיך ווי אַ פֿאַרעקשנטן הונט.

„האָב רחמנות", — האָט זי געסקאָמליעט און זיך אײַנגעגראָבן מיט די דינע הענט אין דער לויזער ערד. כ'האָב זי אַ ריס געטאָן פֿון אָרט. נאָר דאָ האָבן מײַנע אויגן זיך באַגעגנט מיט איר הינטישן בליק. דאָס שוואַרצע פּנים אירס, קליין, אײַנגעשרומפּן, איז אָפּגעמעקט געוואָרן, און כ'האָב געזען נאָר אָט די אויגן. כ'האָב געפֿילט ווי איך טרינק זיך אין זיי, כ'וועל אַרײַנגעזויגן אין זייערע תּהומען. כ'האָב דערזען מײַן שוועסטערל מאַניושעס אויגן ווי זיי האָבן בעטלענדיק געקוקט אויף מיר, ווען דער עס־עס־מאַן האָט זי אַרויסגעריסן פֿון מײַנע אָרעמס.

כ'האָב נישט אויפֿגעהערט צו שלעפּן עדזשען מיט זיך. „ביין... ביין..." — האָט זי היסטעריש געפּישטשעט. כ'האָב איר דערלאַנגט אַ פּאָר קלעפּ, באַפֿוילן איר זיך

אויפצושטעלן און מיט אַן אָרעם אַרומגענומען איר קאָפּ און פֿאַרשטעלט איר מויל מיט דער האַנט. אַזוי האָב איך זי היטן אַרום אַרײַנגעשלעפּט צו מיר אין באַראַק, אין מײַן ווינקל הינטער אַ פֿירהאַנג געמאַכט פֿון אַ קאָץ. כ'האָב זי אַרונטערגעשטופּט אונטער מײַן פּריטשע — אויך נישט קיין וואַזשנע באַהעלטעניש, אָבער קיין בעסערס איז נישט פֿאַראַן געווען — און כ'בין אַרויסגעלאָפֿן פֿון באַראַק. ווען כ'האָב זיך אומגעקערט צום אַפּעלפּלאַץ, האָב איך געזען ווי מען פֿירט שוין אַוועק די גרופּע „אויסדערווײלטע" מיידלעך.

ווען כ'בין צוריקגעקומען אין באַראַק און אַ זוך געטאָן אונטער דער פּריטשע, איז שוין עדזשע דאָרטן נישט געווען. איך האָב נישט געוווּסט איר נאָמער, נישט געוווּסט ווי זי הייסט, נישט ווער זי איז און פֿון וואַנען זי קומט. כ'האָב זי מער נישט באַגעגנט אין לאַגער. זי האָט זיך, ווײַזט אויס, אויסבאַהאַלטן פֿאַר מיר.

די לופֿט האָט געגומען שמעקן מיט סוף־מלחמה. איך האָב געשפּירט, אַז מײַן סוף דערנענטערט זיך אויך. כ'האָב מורא באַקומען פֿאַר דעם וואָס די דײַטשן וועלן מיט אונדז טאָן אין לעצטן מאָמענט, און מורא באַקומען פֿאַר דעם וואָס די קאַצעטניקעס וועלן טאָן מיט אונדז, קאַפּאָס, אויב מיר וועלן דערלעבן די באַפֿרײַונג.

אין איינעם פֿון יענע לעצטע טעג בין איך אַרויסגעשיקט געוואָרן צו דער באַנראַמפּע. כ'האָב געדאַרפֿט העלפֿן לאַדעווען אַ טראַנספּאָרט מיידלעך וואָס זײַנען באַשטימט געוואָרן אויף אַרבעט אין אַן אַנדערן לאַגער, אפֿשר אַ לאַגער ווו עס זײַנען שוין קיין קרעמאַטאָריעס נישט געווען. איך האָב מקנא געווען די מיידלעך. מיט אַלע מײַנע גליקן, האָב איך זיי געהאַלטן פֿאַר מזלדיקער פֿון מיר, וואָס האָב געמוזט בלײַבן.

כ'האָב געהאָלפֿן אַרײַנטרײַבן די מיידלעך אין די אָפֿענע פֿיוואַגאָנען. און אַזוי האָב איך מיט אַ מאָל דערזען עדזשען זיך פֿאַרקעווען בײַם אַרײַנקריכן און אַ וואַגאָן אַרײַן. דאָס מאָל איז איר פּנים נישט געווען שוואַרץ, נאָר אַש־גרוי. איך האָב עס סײַ ווי דערקענט. איך האָב זי אָנגעכאַפּט בײַ אַן אָרעם. זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר מוידישע אויגן, ווי זי וואָלט דערזען דעם מלאך־המוות פֿאַר זיך. „וואוהין פֿירט מען אונדז?" — האָט זי אַ פֿרעפּל געטאָן צו מיר.

איך האָב איר נישט געענטפֿערט, נאָר אַ סיקע געטאָן אויף איר אויער: „שווער מיר דאָ אויפֿן אָרט, אַז טאָמער קריגט מען זיך אַרויס, טאָמער באַגעגענען מיר זיך ערגעץ אין דער וועלט, וועסטו פֿאַר קיינעם נישט קיין פּיפּס טאָן, אַז איך בין געווען אַ קאַפּאָ..."

זי איז געבליבן אײַנגעפֿרוירן אין דער באַוועגונג, מיט איין פֿוס פֿאַרהאַנגען אין דער לופֿטן. מײַן פֿאַרלאַנג האָט איר געמוזט אויסזען אידיאָטיש. און אידיאָטיש איז ער טאַקע געווען. הונדערטער קאַצעטניצעס האָבן מיך געקענט ווי אַ קאַפּאָ. מיר דאַכט, אַז אַלץ וואָס איך האָב אין אָט דער רגע געוואָלט איז געווען כאַפּן אַ לעצטן בליק אויף עדזשען, דעם אָביעקט פֿון מײַן איינציקן הערצישן אַקט אין קאַצעט.

ווי איך האָב זיך אײַנגעגעסן מיט די אויגן אין איר, האָב איך געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז אָט באַלד וועט זיך איר פּנים אויסקרימען אין אַ גרימאַסע, וואָס איז ענלעך צו אַ שמייכל: „און טאָר איך אויך נישט אויסגעבן, אַז דו האָסט מיר געראַטעוועט דאָס לעבן?" — האָט זי געפֿרעגט, ווי מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, מיט אַ פֿאַלשער הכנעה.

„אויך דאָס נישט. שווער מיר! שווער מיר בײַ דײַן לעבן!"

„איך שווער דיר בײַ מײַן לעבן, אויב דאָס איז נאָך עפּעס ווערט. וואוהין פֿירט

מען אונדז?" — האָט זי איבערגעחזרט די שאלה און אַרײַנגעשלעפּט דעם צווייטן פּוס אין וואַגאָן אַרײַן.

כ'האָב נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן דאָס קלעמעניש אין מײַן האַרצן אויפֿן אָנבליק פֿון איר פּנים, און אָן צו ענטפֿערן איר, בין איך אַנטלאָפֿן און גענומען אַרײַנטרײַבן אַנדערע מיידלעך אין די וואַגאָנען.

נישט לאַנג דערנאָך איז מען באַפֿרײַט געוואָרן. איך בין פֿרײַ געוואָרן פֿון די דײַטשן און פֿון מײַן גאָט אַלבערטן, און בין פֿאַרשקלאַפֿט געוואָרן צו מײַן געוויסן און צו דער אימה, אַז עמעץ וועט מיך דערקענען.

□

ווי געזאָגט, בין איך געווען גליקלעך אָנצוקומען אין קאַנאַדע, וואָס איך האָב באַטראַכט ווי אַ לאַנד ווײַט פֿון גאָט און ווײַט פֿון געוועזענע קאַצעטניקעס, ווו איך וועל נישט זײַן אויסגעשטעלט אויף דער סכּנה קאָנפֿראָנטירט צו ווערן מיט אַן אָנגעשפּיצטן ווײַזפֿינגער. ווען איך בין אָנגעקומען אַהער, בין איך טאַקע געווען פֿון די געציילטע ניצול־געוואָרענע, וואָס האָבן זיך דערשלאָגן צו די היגע ברעגעס. שפּעטער האָב איך אײַנגעזען, אַז איך בין נאָר געווען פֿון די ערשטע שוואַלבן. באַלד האָבן זיי אָנגעהויבן צו קומען און צו קומען. דער גאַנצער אַמעריקאַנער קאָנטינענט איז פֿאַרפֿלייצט געוואָרן מיט זיי. הזכּרות, טרויער־אָוונטן און כּלערליי געדענק־צערעמאָניעס זײַנען מאַסנווײַז אָפּגעריכט געוואָרן. גאַנצע ביבליאָטעקן מיט ביכער האָבן אָנגעהויבן צו דערשײַנען, מיט פּרטימדיקע באַשרײַבונגען פֿון דער טראַגעדיע. אָבער קיינער האָט זיך נישט געפּרוּווט פֿאַרטיפֿן אין הער באַזונדערער טראַגעדיע פֿון אונדז, די ייִדישע קאַפּאָס.

איך האָב נישט געלייענט אָט די ביכער. כ'האָב געוווּסט מער ווי זיי האָבן געקאָנט דערציילן. כ'בין נישט געגאַנגען צו די הזכּרות און געדענק־אָוונטן. כ'האָב נישט געדאַרפֿט מען זאָל מיך דערמאָנען. כ'האָב געדענקט, צו גוט געדענקט. און אין קיין ספּעציעלע טרויער־אָוונטן האָב איך זיך אויך נישט געניייטיקט. ווײַל ס'איז נישט געווען קיין רגע — אין מײַן וואַכיקייט, צי אין שלאָף — אַז איך זאָל נישט שפּירן דעם ריח און הערן די קולות פֿון מײַן ערשטן טאָג אין קאַצעט, ווען מײַנע ליבסטע זײַנען פֿאַרשווּנדן פֿון מײַן לעבן. צווייטנס, אויב עס וואָלט מיך דאָך עפּעס געצויגן בײַצוווײַן בײַ די דאָזיקע מאַסן־פֿאַרזאַמלונגען, האָב איך סײַ ווי נישט געקאָנט נאָכגעבן דעם צִיענִיש, ווײַל כ'האָב מורא געהאַט, אַז עמעץ וועט מיך דערקענען.

גלײַך ווי איך בין אָנגעקומען אין מאָנטרעאָל, האָב איך אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין אַ פֿאַבריק, און אין די אָוונטן האָב איך זיך פֿלײַסיק געלערנט ענגליש. מיטן ערשטן געלט וואָס איך האָב פֿאַרדינט, בין איך אַוועק און זיך געלאָזט אַראָפּנעמען דעם קאַצעט־נומער פֿון מײַן אָרעם. קיינער האָט נישט געמוזט וויסן, אַז איך בין דאָרטן געווען. כ'האָב נישט געברויכט אָט די רעקלאַמע. אַוודאי האָב איך געוווּסט, אַז דעם נומער איז לײַכטער געווען אַראָפּצונעמען, ווי דעם קײַן־צייכן וואָס איז געווען אויסטאַטויִרט אויף מײַן נשמה. אָבער וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין מײַן נשמה האָט געהאַט די מעלה, וואָס עס האָט זיך נישט אָנגעזען. איך האָב שוין געטראָגן אַ נײַע הויט אויף זיך. כ'האָב שוין געקאָנט אָננעמען אַ נײַע אידענטיטעט, און מיט איר פֿאַרשטעלן דאָס, וואָס איז מיר געווען באַקוועם צו פֿאַרשטעלן.

אין מײַן עלנט און אין דער מורא צו זײַן אַליין, האָב איך זיך געפּרוּווט דערנענטערן צו די היגע ייִדן. אָבער כ'האָב קיין לשון מיט זיי נישט געהאַט. זיי האָבן

כּמעט גאָרנישט נישט געוווּסט וועגן חורבן. וואָס זיי האָבן יאָ געוווּסט, האָבן זיי נישט פֿאַרשטאַנען. ס'האָט מיך געצויגן צו מײַנע אייגענע מענטשן, גראָד צו די, פֿון וועלכע כ'האָב געוואָלט אַנטלויפֿן ווי דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט. און אַזוי האָב איך זיך אָפּגעזוכט פֿרײַנד, וואָס זײַנען יאָ געקומען פֿון דאָרטן. געווען צווישן זיי אַ פּאָר, וואָס כ'האָב זיי חושד געווען צו זײַן געוועזענע קאַפּאָס, אָבער די מערסטע האָבן איבערגעלעבט די מלחמה אויף דער אַרישער זײַט אין פּוילן, און נאָך דער מלחמה אָנגעקומען קיין דײַטשלאַנד, געמאַכט דאָרטן גוטע געשעפֿטן, פּראָפֿיטירט פֿון כּלערליי טונקעלע טראַנזאַקציעס, און געהאַנדלט מיט טרייפֿענער סחורה. זיי האָבן געמאַכט אַ ווילד לעבן בעת זיי האָבן באַרויבט די דײַטשן פֿון די אוצרות וואָס די דײַטשן האָבן געהאַט צוגערויבט בײַ די ייִדן. איינער פֿון זיי האָט אַפֿילו געהאַט אַ קאָלעקציע פֿון אָריגינעלע מאָלערײַען: פּיקאַסאָס, שאַגאַלס, רענואַרס. ער האָט אויסגעצייכנט געוווּסט דעם פֿינאַנציעלן ווערט פֿון די בילדער, אָבער נישט געהאַט קיין גרײַנע אָנונג פֿון דעם קינסטלערישן אוצר וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט. ווען די אָקופּאַציע-מאַכטן האָבן געהאַט אָנגעהויבן אײַנצופֿירן אַ ביסל אָרדענונג אין דעם כאַאָס פֿון חרובֿן דײַטשלאַנד, האָבן מײַנע גוטע פֿרײַנד מער נישט געהאַט דאָרטן וואָס צו טאָן, און זײַנען אָנגעקומען אַהער. איך האָב גיך אײַנגעזען, אַז דאָס וואָס בינדט מיך מיט אָט די מענטשן איז פֿון אַ קלענערן באַטײַט, ווי דאָס וואָס טיילט מיך אָפּ פֿון זיי. זיי זײַנען געווען גראָבע-יונגען, געלטזוכער מיט גשמיותדיקע אַפּעטיטן. איך האָב געבענקט צו קולטור. איך האָב זיך געניייטיקט אין איר ווי אין אַ בריק אַריבערגעוואָרפֿן איבערן תּהום, אין וועלכן כ'האָב זיך געהאַט געוואַלגערט אין מײַן הפֿקרות, אַ בריק וואָס וואָלט מיך פֿאַרבונדן מיט מײַן היים און מײַנע גליקלעכע קינדער-יאָרן. איך האָב זיך געניייטיקט אין קולטור ווי אין אַ רייניקונג.

צו יענער צײַט האָב איך באמת אָנגעהויבן צו לײַדן פֿון שלאָפֿלאָזיקייט. אין לויף פֿון טאָג פֿלעג איך אַרומוואַנדערן ווי איך וואָלט געווען שיכּור. איך האָב זיך געפֿונען אין צוויי וועלטן אויף אַ מאָל. כ'האָב געהאַט כּל-המינים זעונגען. אין די פּנימער פֿון די מענטשן וואָס זײַנען מיר פֿאַרבײַגעגאַנגען אין גאַס, האָב איך געזען פּנימער פֿון קאַצעטניקעס. יעדער פֿאַבריק-קוימען איז מיר אויסגעקומען צו זײַן אַ קוימען פֿון אַ קרעמאַטאָריע, און אין יעדן הונט וואָס איז מיר פֿאַרבײַגעלאָפֿן האָב איך דערקענט איינעם פֿון די כּלבֿים אין קאַצעט, וואָס האָבן זיך מחיה געווען מיטן ריח פֿון רוי מענטשלעך פֿלייש. דער אָנבליק פֿון יעדן פּאָליציאַנט, יעדן פּײַער-לעשער, יעדן מאַן אין אַ מונדיר, האָט מיר געבראַכט אַן עס-עס-מאַן אויפֿן געדאַנק. און טאָמער האָב איך אַ מאָל גענומען אַ באַן און האָב דערהערט דעם פּײַף פֿון לאָקאָמאָטיוו, איז מיר אויסגעקומען, אַז דאָס פֿאָר איך מיט מײַנע ליבסטע אינעם פּיוואָגאָן און דערנענטער זיך צו דער ראַמפּע פֿון קאַצעט.

די ערגסטע זאַך איז געווען, וואָס אין מײַנע זעונגען האָב איך זיך אַליין געזען, ווי איך שטיי און שלאָג און שלאָג עמעצן, וואָס האָט די ענלעכקייט צו איינער אָדער אַן אַנדערער פֿרוי פֿון קאַצעט. כ'האָב געזען מײַן האַנט זיך הייבן און אַראָפּלאָזן, הייבן און אַראָפּלאָזן, ווי די האַנט פֿון אַן אויטאָמאַט. כ'בין אַרומגעגאַנגען מיט אַ ווייטיק אין מײַן רעכטן אָרעם-מוסקל ווי פֿון שלעפּן אַ שווערע משׂא, עס האָט מיך אַזש געברענט אין דער דלאָניע. איך האָב געמוזט גיך פּטור ווערן פֿון אָט דעם אָנשיקעניש, ווײַל עס האָט געשטעלט אין סכּנה מײַן אַרבעט אין דער פֿאַבריק, און וואָס עס איז געווען פֿאַר מיר

פּונקט אַזוי ווײַכטיק — מײַן לערנען זיך שרײַבן ענגליש. ס׳איז מיר שווער געווען צו האַלטן אַ פּען אין דער האַנט. אַזוי בין איך געוואָרן אַן אַפּטער גאַסט בײַם דאָקטער. מיט אַ טאַקטפֿולן שמייכעלע אויפֿן פּנים האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך לײַד פֿון אַ פֿאַרעקשנטער היפּאָכאָנדריע, וואָס לאָזט זיך נישט אויסהיילן. אָבער היות די שלאָפֿפּילן, וואָס איך האָב געהאַט געבראַכט פֿון דײַטשלאַנד, זײַנען שוין לאַנג געווען אויסגענוצט, האָט ער מיך כּסדר פֿאַרזאָרגט מיט נײַע. זיי האָבן מיר ווינציק וואָס געהאָלפֿן; איך בין געווען זייער שפּאָרעוודיק מיט זיי. כ׳האָב געמוזט זאָרגן, אַז איך זאָל האָבן אַ גענוגנדיקן זאַפּאַס פּילן, אין פֿאַל ווען מײַן שעה פֿון חשבון־הנפֿש וועט שלאָגן. דאָס האָבן דעם זאַפּאַס פּילן האָט מיך געמאַכט פֿילן זיכערער בײַ זיך.

כּדי זיך צו פֿילן זיכערער בײַ זיך, האָב איך אויך געלאָזט מײַן פּאַסיע פֿאַר שיינער קליידונג זיך צעבליִען. כ׳האָב געהאַט אַ פֿאַרלאַנג זיך כּסדר איבערצוטאָן, בײַטן מײַן אויסזען, ווערן עמעץ אַנדערש. מײַנע פֿאַרדינסטן האָבן אויף אַזעלכע לוקסוסן נישט דערלויבט. ס׳איז געווען זומער 1950. כ׳האָב געהערט, אַז דער „הײַאַס״ טיילט פֿונאַנדער גענוצטע מלבושים פֿאַר נײַ־געקומענע. כ׳האָב זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז אַן אָפּגענוצט קלייד פֿון אַ היגער רײַכער פֿרוי וועט זיכער אויסזען לײַטישער אויף מיר, ווי די קליידער וואָס איך האָב זיך געקאָנט דערלויבן צו קויפֿן, בפֿרט אַז איך האָב געהאַט אַ גוטע פֿיגור און אַפֿילו אַ ביליקע שמאַטע האָט אויסגעזען אויף מיר טײַערער און עלעגאַנטער ווי זי איז אין דער אמתן געווען. יאָ, איך האָב גוט אויסגעזען, נישט געקוקט אויף מײַנע קאָשמאַרן. כ׳בין געווען ווי יענער עפּל: שיין און געזונט פֿון דרויסן, פֿאַרפֿוילט און טויט אינעווייניק.

איינעם אַ טאָג האָב איך באַשלאָסן זיך אַרײַנצוכאַפּן אין דער „הײַאַס״־געבײַדע. כ׳בין אַרײַנגעקומען אין אַ צימער, וואָס איז געווען פֿול באַשטעלט מיט שטענדערס געדיכט־באַהאַנגענע מיט קליידער, קאָסטיומען, רעקלעך און בלוזעס. ס׳האָט מיר אַזש אַ שווינדל געטאָן פֿאַר די אויגן. כ׳בין צוגעפֿאַלן צו איין באַלאָדענעם שטענדער, דערנאָך צו אַן אַנדערן. און אַזוי איז פּלוצעם אין דעם אַרביט פֿון מײַן לויפֿנדיקן בליק אַרײַנגעפֿאַלן אַ קענטלעכע פֿיגור פֿון אַ פֿרוי, וואָס האָט אויך געגנישטערט צווישן די מלבושים. דאָס האַרץ איז בײַ מיר שטיין געבליבן. מײַן ערשטער אימפּולס איז געווען נעלם צו ווערן. אָבער עפּעס האָבן מײַנע פֿיס זיך נישט געוואָלט רירן פֿון אָרט. כ׳האָב נישט געקאָנט אָפּווענדן די אויגן פֿון דער פֿרויס פּראָפֿיל. אַלבערט דעם מאָנסטערס פּנים איז אָפּגעמעקט געוואָרן פֿון מײַן געדעכעניש. אָבער עדזשעס פּנים, וואָס איך האָב נאָר אויף אויגנבליקן, צוויי מאָל אין מײַן לעבן געזען, האָב איך אַזוי גוט געדענקט, אַז עס איז מיר נישט אָנגעקומען שווער זי צו דערקענען, אַפֿילו אין איר געביטענעם אויסזען. הגם די הויט איז בײַ איר געווען אַ קרענקלעך־געלע, האָט זי געהאַט אַן אויסגערונדיקטן פּראָפֿיל, און די האָר זײַנען בײַ איר געווען פֿון אַ מענטשלעכער לענג. עפּעס האָט מיך אַ ציִ געטאָן צו אָט דעם פּנים — דעם פּנים פֿון מײַן גוטסקייט.

כ׳האָב זיך אָפּגעריסן פֿון דעם אָרט ווו איך בין געשטאַנען און בין צו איר צוגעפֿאַלן. כ׳האָב זי אָוועקגעשלעפּט אין אַ ווינקל. איר געלע פּנים־הויט איז געוואָרן ווײַס ווי קרײַד; דער קאָפּ איז איר אַרײַנגעזונקען צווישן די אַקסלען, אָט ווי מיר וואָלטן געהאַלטן בײַם איבערחזרן יענע סצענע צווישן אונדז, לעבן דער לאַטרינע אין קאַצעט, און ווי איך וואָלט נאָך געהאַלטן איר לעבן אין מײַנע הענט. דאָס מאָל האָבן מיר ביידע געציטערט פֿון אויפֿרעגונג.

„דערקענסט מיך?" — האָב איך זי אַ פֿרעג געטאָן.

„יאָ, כ׳דערקען דיך", — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט.

„און דו געדענקסט, אַז אַ דאַנק מיר ביסטו דאָ, אַז דו האָסט מיר צו פֿאַרדאַנקען דײַן לעבן?"

„יאָ, כ׳געדענק".

מיך האָט אויפֿגערעגט וואָס זי האָט אַפֿילו איצט מיר נישט באַדאַנקט. אויף אַ מאָל איז מיר צוריקגעקומען מײַן גרילציק־גאַליק קאַצעט־קול.

„איך האָף, אַז דו געדענקסט אויך די שבֿועה וואָס דו האָסט מיר דעמאָלט געגעבן".

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ, זיך אָפּגעקערט פֿון מיר, און מיט ציטערדיקע הענט, אָן אײַנגעשרומפּענע, גענומען נישטערן צווישן די קליידער אויף דעם נאָענטסטן מלבושים־שטענדער. זי האָט גיך אַראָפּגעצויגן אַ קליידל פֿון אַ הענגער און עס גלײַך אַרײַנגעפּאַקט אין איר טאָרבע. איך האָב געזען ווי זי קלײַבט זיך אַרויסצולויפֿן פֿון צימער. מיך האָט עפּעס אַ שטויס געטאָן איר נאָכצולויפֿן. כ׳האָב זי נישט געטאָרט אַזוי אַוועקלאָזן. כ׳האָב געדאַרפֿט האַלטן אַן אויג אויף איר.

כ׳האָב זי אָנגעיאָגט און אַרויסגעסאָפּעט:

„כ׳האָב פֿאַרגעסן דײַן נאָמען".

„איך געדענק דײַנעם, — האָט זי מיר געענטפֿערט — דו ביסט די שוואַרצע רעלאַ".

„ווי הייסטו?" — בין איך צוגעשטאַנען.

זי האָט מיר געזאָגט איר נאָמען. כ׳האָב ריזיקירט זי צו פֿרעגן איר אַדרעס. צו מײַן שטוינען, האָט זי מיר געזאָגט איר אַדרעס, עפּעס ווי מיט אַ זשעדנעקייט. ווײַזט אויס, אַז זי האָט מיך אויך געוואָלט האַלטן אויפֿן אויג. מסתּמא האָט זי אויך עפּעס געצויגן צו מיר.



כ׳בין אַוועק באַזוכן עדזשען אומגעבעטן, געקומען איין מאָל, צוויי מאָל, און אַזוי האָב איך אָנגעהויבן רעגולער אַרײַנצוקומען צו איר. זי האָט מיך באַקענט מיט לאָליעקן, איר מאַן, אַ בלאָנדער שייַנער מאַן, אומגעוויינטלעך סימפּאַטיש און מענטשן־ליבנדיק. עדזשע האָט מיר מיט שטאָלץ דערציילט, אַז ער איז געווען אין דער פּאַרטיזאַנקע און האָט איבערגעלעבט די מלחמה ערגעץ אין די ליטווישע וועלדער. דאָס איז געווען פֿון די געציילטע מאָל וואָס עדזשע האָט דערמאָנט די מלחמה אין אונדזערע געוויינטלעך אומגעלומפּערטע שמועסן. בדרך־כּלל האָבן מיר גערעדט וועגן נישטיק־טריוויאַלע טאָג־טעגלעכע פּראָבלעמען און כּמעט קיין מאָל נישט מרמז געווען אַפֿילו אויף אונדזערע בשותּפֿותדיקע זכרונות. וואָס שייך לאָליעקן, האָב איך זיך גלײַך דערפֿילט אין דער היים מיט אים. מיר זײַנען געווען אויף די זעלביקע לענג־כוואַליעס, ווי מען זאָגט דאָס. אַ קולטורעלער מענטש מיט גוטע מאַנירן. איך האָב שטאַרק געוואָלט, אַז ער זאָל האָבן אַ גוטע מיינונג וועגן מיר. ס׳איז מיר ממש געגאַנגען אין לעבן. האָב איך געמוזט נענטער ווערן מיט אים, כּדי אויסצוגעפֿינען, צי עדזשע האָט נישט אַ מאָל אויסגעפּלאַפּלט דעם אמת וועגן מיר.

עדזשע און לאָליעק האָבן מיך באַקענט מיט זייער קרײַז פֿרײַנד, אַלץ אייגענע מענטשן, געקומענע פֿון דאָרטן, מענטשן קולטורעלע, אינטעליגענטע. צום גליק איז קיינער פֿון זיי נישט געווען מיט מיר צוזאַמען אין קאַצעט. עס האָט מיך געצויגן צו זיי

ווי דעם מאָל ציט צום פֿײַער. אונדזערע אָפּטע באַגעגענישן האָבן גורם געווען, אַז איך זאָל זיך זען מיט עדזשען אָפֿטער אפֿשר ווי מיר האָבן זיך דאָס ביידע געווונטשן. אָבער מיר זײַנען אײַנגעקלאַמערט געוואָרן אין אַ סיטואַציע, וואָס מיר האָבן אַליין באַשאַפֿן. מיר האָבן זי אָנגענומען ווי עפּעס וואָס האָט זיך נישט געלאָזט בײַטן.

און אַזוי בין איך געוואָרן עדזשעס תּמיד־דאַיִקער שליח פֿון עבֿר, און זי — מײַנער. איך, עדזשעס קאַשמאַר אויף דער וואָר, און זי — מײַנער. זי האָט סימבאָליזירט מײַן אײנציקע רגע פֿון מענטשלעכקייט, פֿון גוטסקייט, און איך — איר רגע פֿון דערנידעריקונג. איך האָב זי דערמאָנט אָן איר הינטישקייט, אָן איר קריכן אויף אַלע פֿיר און בעטלען פֿאַרן לעבן. זי האָט מיך דערמאָנט אָן מײַן אויפֿהייבן זיך צו דער מדרגה פֿון מסירת־נפֿש. אַזוי זײַנען מיר פֿאַרקניפּט געוואָרן אין אַ משונהדיקער פֿרײַנדשאַפֿט — אונדזער באַלויבונג און שטראָף פֿאַר האָבן איבערגעלעבט.



די ערשטע צען יאָר פֿון מײַן זײַן אין קאַנאַדע האָב איך זיך פֿינאַנציעל געפּײַניקט, אָבער דערפֿאַר האָב איך אינטעלעקטועל אַ סך דערגרייכט, און כ׳האָב זיך פֿאַראייגנט אַ פּערפֿעקטן ענגליש. דאָס אייגציקע עגמת־נפֿש וואָס איך האָב געהאַט אויפֿן שפּראַכגעביט איז געווען מײַן אייראָפּעיִשער אַקצענט. מײַן לערער האָט מיך שפּאַסיק געטרייסט, אַז איך וועל קיין מאָל פֿון דעם אַקצענט נישט פּטור ווערן און כ׳מוז מאַכן שלום מיט אים. אָבער פֿאַר מיר איז דאָס נישט געווען קיין שפּאַס. דער אַקצענט איז מיר געווען אַ שטער אין ווערן אַ נײַער מענטש. מיט אַ צײַט שפּעטער האָב איך געעפֿנט אַ קליין געשעפֿטל פֿון פֿרויען־קליידונג, און ווי זיך אויף צו־להכעיס, האָב איך עס אַ נאָמען געגעבן אויף פֿראַנצייזיש, „בוטיק עוראָפּעען”. מײַן אייראָפּעיִשער אַקצענט האָט בײַגעטראָגן צו דער אַטמאָספֿער אינעם געשעפֿטל, און דאָס איז גראָד צוגעפֿאַלן צום געשמאַק פֿון מײַנע קונהטעס, און האָט געמאַכט מיך אײַנזען ווי צוציִענדיק די אייראָפּעיִשקייט קאָן ווערן, ווען זי שווימט אויף אין אַ נישט־אייראָפּעיִשער סבֿיבֿה. מײַן „בוטיק” איז געוואָרן נאָך מצליחדיקער, ווען איך האָב, נאָך אַ פּאָר יאָר, גראַדויִרט פֿון אַן אוניווערסיטעט פֿאַר מאָדע־צײַכענונג. אין די לעצטע צײַטן איז מיר אַזוי גוט געגאַנגען, אַז איך האָב זיך געקאָנט גרייסן מיט אַן אמתדיק אויסנעמלעכער קונימשאַפֿט. אַזוי זײַנען מײַנע פֿינאַנציעלע דאגות פֿאַרשוווּנדן, אָבער צום באַדויערן נישט מײַן אומבאַקוועמלעכקייט מיט מײַן אַקצענט. דאָס איז געבליבן אַן אייגנשאַפֿט, אַן וועלכער איך וואָלט זיך גערן געקאָנט באַגיין.

מײַן נײַער קרײַז פֿון פֿרײַנד, וואָס איך האָב באַקענט אַ דאַנק עדזשען און לאַלעקן, האָט אויך מאַטעריעל געמאַכט ריזיקע שריט פֿאָרויס. זיי זײַנען אויך געווען אין פּראָצעס פֿון אַרײַנפּאַסן זיך אין נײַע אידענטיטעטן. און קיינער פֿון זיי האָט, פּונקט ווי לאַלעק, נישט געהערט צו די באַוויינערס פֿון עבֿר, וואָס זייער באַליבטסטע טעמע איז געווען דער חורבן און איטלעכנס גרויליקע איבערלעבונגען. מיר זײַנען געווען פּאָזיטיוו אײַנגעשטעלט צום לעבן און האָבן געקוקט פֿאָרויס, נישט צוריק.

אָט די גרופּע פֿרײַנד, בפֿרט מיר, די פֿרויען, האָבן גערן געהאַט זיך צו באַגעגענען בײַ עדזשען און לאַלעקן אין דער שטוב אויף דער עספּלאַנאַד־גאַס, הגם עדזשע און לאַלעק זײַנען געווען אַ סך באַשיידענער אײַנגעאָרדנט ווי מיר אַלע. דאָס באַגעגענען זיך בײַ זיי אין הויז האָט געהאַט די גרויסע מעלה, וואָס דאָרטן האָבן די פֿרויען זיך געקאָנט פֿולקום אָפּשפּאַנען. נישט נאָר זײַנען זיי געווען פֿרײַ פֿון דער זאָרג פֿון

צוגרייטן מאכלים, פֿון קאָכן און באַקן, נאָר זײַנען אויך געווען באַפֿרײַט פֿון סערווירן בײַם טיש און אָפּראַמען, פֿון האָווען צוזאַמען מיט דער בעל־הביתטע פֿון דער קיך אין עסצימער אַרײַן און פֿאַרקערט, ווי עס געשעט געוויינטלעך ווען מען וויל ארויסהעלפֿן דער מכניס־אורחטע. אויף די צוזאַמענטרעפֿן בײַ לאַלעקן און עדזשען איז אַפֿילו חער אַנשטעל, אַז מען איז גרייט זיך אויפֿצוהייבן פֿון טיש, כּדי אַרויסצוהעלפֿן עדזשען, געווען איבעריק. דעם טײַערן לאַלעקס נישט־געוויינטלעכע האַרציקייט און גאַסט־פֿרײַנדלעכקייט איז געקומען צום אויסדרוק אויך אין אָט דעם קליינעם פּרט: ער האָט ארויסגעגעבן אַ דעקרעט, אַז קיין שום פֿרוי, אויסער עדזשען, טאָר נישט אַרײַנקומען אין דער קיך.

„בלײַב זיצן!" — האָט ער מיט אַ מיליטעריש־טעאַטראַלישער שטרענגקייט אויסגערופֿן צו דער פֿרוי וואָס האָט, ווי אים האָט זיך געדאַכט, געמאַכט אַ באַוועג אַרויסצוהעלפֿן עדזשען. און אויב ס'האָט עמעץ פֿון אונדז, פֿון שפּאַס וועגן, זיך יאָ דערנענטערט צו דער קיך מיט אַ טאַץ אָפּגעלערטע טעלערס, איז לאַלעק איר פֿאַרלאָפֿן דעם וועג, און האָט זיך אָוועקגעשטעלט מיט צעשפּרייטע אָרעמס אין דער טירעם, ווי ער וואָלט זיך פֿאַרגומען הערא̇יש צו פֿאַרטיידיקן דעם צוטריט צו אַ פֿעסטונג. „נאָ פּאַסאַראַן!" — האָט ער שפּאַסיק געדרייט מיטן קאָפּ און צוריקגעשיקט די טאַץ־טרעגערין מיט דער טאַץ צום טיש. אָדער ער האָט זי באַגלייט אַהין, זײַן האַנט גוט־ברודעריש פֿאַרוואָרפֿן איבער איר אַקסל, און ער האָט צוגעגעבן: „באמת, עדזשע און איך וועלן זיך פֿילן באַליידיקט. עדזשע טוט דאָך עס מיטן גרעסטן פֿאַרגעניגן". האָבן מיר פֿרויען טאַקע זעלטן געמאַכט אַפֿילו אַן אָנשטעל, אַז מיר פֿאַרמעסטן זיך אַרויסצוהעלפֿן עדזשען, און פֿון די מענער איז דאָך שוין אָפּגערעדט.

אַז דאָס פּאָרל, עדזשע און לאַלעק, האָבן אַ מאָל אָפּגעדינט אונדז מיט אַ וויזיט, האָט לאַלעק, נאָך אַ ווײַלע, פֿאַרשטענדיק געגומען ווינקען צו עדזשען. און איר בײַטראָג צו דעם דערפֿאָלג פֿון אָוונט איז געווען, וואָס זי האָט איבערגענומען דער בעל־הביתטעס פֿונקציעס אין דער קיך, אַזוי אַז עדזשע האָט אַפֿילו קיין איבעריק בענקל נישט פֿאַרנומען.

דערמיט בין איך נישט אויסן אָנצוהערן, אַז די מיטגלידער פֿון אָט דעם קרײַז פֿרײַנד זײַנען נישט געווען אַרויסהעלפֿיק און חבֿריש לגבי אַנאַנדער. להיפּוך: פֿאַראַן געווען אַ וואַרעמקייט און אַ זאָרג אין זייערע קעגנאַנאַנדיקע באַציִונגען, וואָס מען באַגעגנט דאָס גאָרנישט צווישן די הי־געבוירענע גרופּעס פֿרײַנד. די גרופּע האָט דאָך פֿאַרטרעטן יעדן אײנעמס נאָענטע משפּחה. אָבער וואָס שייך עדזשען — צו איר האָט מען עפּעס בכלל קיין באַציִונג נישט געקאָנט האָבן. און דאָס האָט לאַלעק, עדזשעס וווּנדערלעכער מאַן, אונטער וועמעס כּישוף און השפּעה מיר זײַנען אַלע געווען, געזען דערצו, אַז מיר זאָלן, אין פּרט פֿון עדזשען, קיין קלער נישט האָבן.

בלויז איין מאָל, געדענק איך, איז אויף אַ צוזאַמענטרעף בײַ זיי דערמאָנט געוואָרן עדזשעס נאָמען. מיר זײַנען אַלע געווען אַ ביסינקע בגילופֿין און אויפֿגעהײַטערט, און מיר האָבן באַשלאָסן צו שפּילן אַ מין אינטעליגענץ־שפּיל. דעמאָלט האָט פּאָוועל, דער צום מערסטן צוריקגעהאַלטענער און שטילער פֿון אונדזער גרופּע, מיט אַ מאָל אַרײַנגעוואָרפֿן די שאלה: „פֿאַר וואָס רופֿן מיר נישט אַרײַן עדזשען, מיטצושפּילן?"

מיר האָבן זיך אַלע איבערגעקוקט און דערנאָך, מיט אַ לײַכטן אונטערטאָן פֿון כלומרשטער שולד, געמישט מיט איראָניע, אויסגערופֿן: „עדזשע, וווּ ביסטו? קום מיטשפּילן!"

עדזשעס קאָפּ האָט זיך באַוויזן אין דער קיכטיר, און אירע דראָבנע ליפּעלעך האָבן זיך פֿונאַנדערגעצויגן אין אַ נעבעכדיק האַלב־שמייכעלע: „שפּילט, שפּילט אײַך געזונטערהייט. איך רעכן זיך דאָך נישט".

און דאָס איז געווען דער אמת וועגן עדזשען. זי האָט זיך נישט גערעכנט. (אַחוץ דעם באַזונדערן אופֿן אויף וועלכן זי האָט זיך גערעכנט בײַ מיר). אַפֿילו אין דעם קרײַז פֿון אירע נאָענטסטע פֿרײַנד האָט זי, אין ת״ר, קיין שום ראָלע נישט געשפּילט. מיט דעם כאַראַקטעריסטישן נעבעכדיקן שמייכעלע האָט זי אונדז אַזוי קונציק און געשיקט באַדינט בײַם טיש, אַז מען האָט זעלטן באַמערקט ווען און ווי אַזוי זי האָט דאָס געטאָן. מען האָט זיך צו איר מעכאַניש־הפֿלעך געווענדן, ווען מען האָט עפּעס געברויכט פֿון דער קיך, ווען אַ מעסער צי אַ גאָפּל האָט געפֿעלט, צי ווען מ׳האָט געוואָלט אַ דריט אָדער אַ פֿערט טעפּל קאַווע, בעת מען איז געוואָרן צעהיצט און דאַרשטיק פֿון דער הייסער דיסקוסיע בײַם טיש, למשל, וועגן מאָדערנער קונסט און ליטעראַטור — ענינים פֿון וועלכע עדזשע איז געווען פּונקט אַזוי ווײַט ווי דער טאָג איז פֿון דער נאַכט, און וועלכע האָבן אונדז געמאַכט פֿאַרגעסן, אַז עס איז בכלל פֿאַראַן אַן עדזשע אויף דער וועלט.

איך וואָלט נישט געזאָגט, אַז עדזשע איז געווען אַ נאַר צי אַ תּם, צי אַז זי איז געווען אַ מיאוסקייט. ווײַט דערפֿון. אָבער עפּעס איז געווען אין דער לופֿטן אַרום איר, וואָס האָט זי צו־נישט געמאַכט. זי האָט געהערט צו אָט דעם טיפּ פֿרויען, זיך אַרײַנגעפּאַסט אין דער סבֿיבֿה ווי, למשל, אַ חפֿץ, צו וועלכן דאָס אויג געוויינט זיך גיך צו און מען הערט עס אויף צו באַמערקן. זי איז דאָ געווען און נישטאָ געווען. ס׳איז נישט וויכטיק געווען, צי דאָס וואָס זי האָט געזאָגט איז געווען קלוג, צי נאַריש. קיינער איז נישט נײַגעריק געווען אויף דעם וואָס זי האָט געזאָגט. אירע רייד זײַנען פֿאַרבײַגעשווומען דעם צוהערערס אויערן און זיך פֿונאַנדערגעלאָזט אין דער לופֿטן, ווי זי וואָלט גאָרנישט געהאַט געזאָגט. אַזוי איז אויך קיינעם נישט אָנגעגאַנגען צי זי איז שיין צי מיאוס. די בלייכקייט פֿון איר מויזיש־דערשראָקענעם פּנימל, די דינקייט פֿון אירע פּראָפֿיל־שטריכן און איר נעפּלדיק־פֿאַרשוווּמענער בליק האָבן גורם געווען, אַז מענטשנס אויגן זאָלן זיך פֿאַרבײַגליטשן פֿאַר איר, ווי פֿאַר אַ ליידיקייט, אָן שום עפֿעקט.

דערצו האָט זי זיך געמאַכט אויסזען קלענער ווי זי איז אין דער אמתן געווען. אַ דאַרינקע, אַ ביסל אָן אײַנגעבויגענע, האָט זי תּמיד געהאַלטן דאָס קעפּל אײַנגעבעט צווישן די אונטערגעהויבענע אַקסלען, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז אָט באַלד זאָל איר נישט עפּעס אַ פֿאַל טאָן אויפֿן קאָפּ. אַפֿילו דער אויסטאַטוירטער קאַצעט־נומער אויף איר לינקן אָרעם האָט אויסגעזען בלייכער און מער אומגעלומפּערט, ווי יעדער נומער וואָס איך האָב ווען נישט איז געזען. אַז איך האָב איר אַ מאָל געעצהט, זי זאָל דעם נומער לאָזן אַראָפּנעמען, האָט זי מיט אַן אומגעריכטן כּעס אַ וואָרף געטאָן מיטן קעפּל און האָט אויסגערופֿן: „אָ, ניין! דאָס נישט!"

אין קיין ביוטי־פּאַרלאָר האָט עדזשע נישט אַרײַנגעשמעקט, און אירע האָר, פֿון אַ מין בלאָטע־קאָליר — ווי זי וואָלט זיי, אויפֿן לעבן אַרויס, געהאַט אָפּגעפֿאַרבט אין דער בלאָטע הינטער דער קאַצעט־לאַטרינע, וווּ מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט — האָבן אַראָפּגעהאַנגען פֿון איר קאָפּ, ווי זיי זײַנען געפֿאַלן, שטײַפֿע, מאַטע, אָפּגעהאַקטע. אַן אָפּגעלאָזן גזשיווקעלע האָט פֿאַרשטעלט איר גאַנצן שטערן און ברעמען, ווי זי וואָלט אונטער אָט דעם האָריקן פֿירהאַנג לגמרי געוואָלט פֿאַרשטעלן איר אַזוי־אויך־קליין פּנימל. געקליידט האָט זי זיך אין דעם מינדסטן געשמאַק, הגם זויבער, נאָר

אין שמוציק־אויסזעענדיקע קליידער, פון אן אומבאַשטימטער פאָרעם, כדי אויך מיט זייער הילף זיך אָפּצומעקן פון מענטשנס בליקן.

איך האָב זיך אויפגעפירט פונקט ווי די אַנדערע פריינד. כ'האָב זיך אויסגעהיט צו פאַרראַטן די ראַלע וואָס זי האָט געשפּילט אין מיין לעבן. איך בין געווען איבערצייגט, אַז זי האָט דערוואַרט אָט אַזאַ אויפפיר מצד מיר. מיר זיינען געווען צופרידן איינע מיט דער אַנדערער. איר אויסזען איז מיר, אין תוך, שטאַרק צוגעפאַלן צום האַרצן. זי האָט אויסגעזען פונקט ווי איך האָב זיך דאָס געוווּנטשן. כ'האָב זי שטאַרק גערן געהאַט. איך האָב איר דאָס געזאָגט אַ מאָל, ווען מיר זיינען געווען אויג־אויף־אויג.

„איך האָב דיך אויך שטאַרק גערן, רעלאַ", — האָט זי מיר געענטפערט מיט אַ קאָמיש־טרויעריקן זיפץ.



ווי געזאָגט, פונקט ווי עדזשע האָט זיך לגמרי נישט גערעכנט אין אונדזער קרייז פון פריינד, אַזוי האָט זיך איר מאַן, לאַלעק, שוין גראָד יאָ שטאַרק גערעכנט. מיר דאַכט זיך, אַז נאָר אַ דאַנק אים האָט מען עדזשען בכלל טאָלערירט אין אָט דעם קרייז. די פריינד האָבן זי אָנגענומען, ווי זי וואָלט געווען לאַלעקס אַ מין חסרון, אַ פּגם אויף זיין כאַראַקטער. דאָס האָט אים, דעם העלד פון דער פּאַרטיזאַנקע, מענטשלעכער געמאַכט אין אונדזערע אויגן. דאָס האָט געגעערט סיי אונדזער דרך־ארץ פאַר אים, סיי אונדזער רחמנות אויף אים. עס איז ביי מיר קיין ספק נישט געווען, אַז ווען עדזשע וואָלט געווען אַ פרוי אַליין, אָט ווי איך בין למשל געווען, וואָלט זי צו אָט דער גרופּע פריינד קיין צוטריט נישט געהאַט. די גרופּע איז געווען שטאַרק איבערקלייבעריש אין לאָזן וועמען־נישט־איז זיך איינגלידערן אין איר. מיר האָבן זיך געהאַלטן פאַר דער אינטעלעקטועלער סמעטענע פון די ניי־געקומענע, און זיינען דאָס טאַקע געווען. אויב מיר האָבן זיך אַנטשלאָסן אַריינצונעמען וועמען אין אונדזער חבֿרותא, האָט דער עמעצער געמוזט זיין ביכולת בייצוטראָגן אַ גייסטיק־סטימולירנדיקן בייטראָג.

מיר זיינען איבער די אויערן געווען אַריינגעטאָן אין מאָדערנער קולטור און אירע דערגרייכונגען. די מערסטע פון אונדז האָבן אין קאַצעט פאַרלוירן דעם לעצטן איבערבלייב פון רעליגיעזע געפילן, און אַזוי ווי מיר האָבן זיך געבייטיקט אין אַ פאָרעם פון אמונה אין וועלכער זיך אָנצוהאַלטן נאָך דער באַפרייונג, האָבן מיר זיך אָנגעכאַפּט אָן דער מאָדערנער קולטור און זי געלאָזט פאַרנעמען דאָס אָרט פון אַ רעליגיע אין אונדזער לעבן. דאָס איז געוואָרן די ליכטיקע בריק אונדזערע, אַריבערגעוואָרפן איבערן חושכן תהום פון נישט־ציוויליזירטער ווילדקייט, וואָס האָט אונדז געהאַט איינגעשלונגען. דערפאַר זיינען נישט פאַראַן געווען קיין מער זשעדנע לייענערס פון נאָר־וואָס דערשינענע ביכער, ווי מיר זיינען געווען. מיר האָבן זיך געוואָרפן אויף אַלע „בעסט־סעלערס" ווי נאָר זיי זיינען אַרויסגעקומען אויף די „בעסט־סעלער"־ליסטעס. מיר זיינען געלאָפן אויף אַלע מאָדערנע און סופּערמאָדערנע עקספּערימענטאַלע פאָרשטעלונגען. מיר האָבן זיך באַגייסטערט מיט פּאָפּ־אַרט און אָפּ־אַרט. מיר האָבן אויך אָפּגעהאַלטן אַ פּאָר פּאָט־סעסיעס, ווען מאַריכואַנאַ איז אַריין אין דער מאָדע. מיר האָבן פּראַקטיצירט האַטאַ־יאָגאַ און זיינען רעגולער אַרויסגעפאָרן צום גורו אינעם אַשראַם, אין די לאָרענשאַן־בערג.

אין אונדזער אייפער, האָבן מיר זיך באַמיט צו אַנטלויפן מיטן גייסט נישט נאָר פון דעם אַלטן יידישן שטעטל, נאָר אויך פון דער יידישער מענטאַליטעט פון דער

אַמאָליקער מיזרח־אייראָפּעיִשער גרויסשטאָט. אויב קולטור האָט סימבאָליזירט אַ בריק, האָט דאָס געמוזט זײַן אַ בריק וואָס פֿירט אַוועק פֿון דעם אַמאָל, נישט וויכטיק ווי זיס די זכרונות, פֿאַרבונדענע מיט אונדזערע קינדער־יאָרן און יוגנט, זײַנען געווען. מיר האָבן זיך געשראָקן פֿאַר דער צוימענדיקער השפּעה וואָס דאָס וואָלט געהאַט אויף אונדזער איצטיקן פּאָזיטיוון אויסבליק אויפֿן לעבן. מיר האָבן נישט געוואָלט האָבן קיין חלק אין עבֿר. מיר האָבן געהלשט מיטצוגיין מיטן פּראָגרעס פֿון דער צײַט. מיר האָבן געוואָלט פֿאַרשלינגען אַל דאָס נײַע, וואָס איז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געשאַפֿן געוואָרן. מיטן אַרײַנאָטעמען די נײַע קולטורווינטן, מיטן אַרײַנפֿילן זיך אין נײַעם צײַטגײַסט, האָבן מיר זיך באַמיט זיך אַרײַנצופּאַסן אינעם הײַנט, צו האַלטן זיך אײַנגעגלידערט אין דער הײַנטיקער געזעלשאַפֿט, צו זײַן ענערגיש און האָפֿערדיק, לכל־הפּחות אויבנאויפֿיק. אָט די אויבנאויפֿיקייט איז וויכטיק געווען — און גאָרנישט מער. דאָס וואָס עס איז פֿאַרבליבן פֿאַרקריפּלט און אָנגעווייטיקט אין יעדן איינעם פֿון אונדז, איז נישט געווען קיינעמס עסק; אַ לאַסט וואָס מיר האָבן אַליין געמוזט טראָגן.

די פֿרויען פֿון מײַן קרײַז פֿרײַנד זײַנען בשום־אופֿן נישט געווען היִנטערשטעליק לגבי די מענער. מיר זײַנען געווען הײַנטצײַטיקע פֿרויען אין פֿולן זינען פֿון וואָרט. און אַזוי ווי פֿרויען זײַנען בטבע פֿאַנאַטישער, ווען עס קומט צו רעליגיע, וואָלט איך זיך דערוועגט צו זאָגן, אַז אונדזער קולטור־גיריקייט איז געווען נאָך אַ שטאַרקערע ווי בײַ די מענער (נישט אַרײַנצורעכענען לאָלעקן). סוף־כּל־סוף איז דער מענערשער הויפּטאינ־טערעס געווען אָנגעשפּיצט צו ביזנעס און פּאָליטיק. פֿאַר זיי זײַנען די ליטעראַרישע שמועסן, צי דאָס גיין אין טעאַטער געווען נישט מער ווי אַן איין־מאָל־אַ־וואָכיקער צײַטפֿאַרטרײַב. אָבער די פֿרויען, בפֿרט די יעניקע, וואָס האָבן געפֿירט אַ ווירטשאַפֿט און אויפֿגעהאָדעוועט קינדער, האָבן גוט געשפּירט דעם פֿאַרטעמפּנדיקן עפֿעקט פֿון זײַן כּסדר פֿאַרשפּאַרט אין דער שטוב. אין פּאָליטיק צי אין ביזנעס האָבן זיי קיין שום נשמהדיקע דערהייבונג נישט געפֿונען. איז קולטור געוואָרן פֿאַר זיי ווי אַן אָטעם פֿון פֿרישער לופֿט, מער נאָך — אַ פֿאָרעם אין וועלכער זייער נטיה צו פֿרומקייט, אַפֿילו צו פֿאַנאַטישקייט, איז געקומען צום אויסדרוק. וואָס שייך מיר אַליין, וואָס כ'האָב נישט געהאַט קיין מאַן און קיין קינדער, איז מײַן פּאַסיע פֿאַר קולטור, אַחוץ אַל דעם איבעריקן, געווען נאָך אַ פּרוּוו אַרויסצושפּרינגען פֿון מײַן הויט און אָפּצומעקן דעם קאָשמאַר פֿון מײַנע זינד. אָבער וואָס די טיפֿערע סיבות זאָלן נישט האָבן געווען, האָבן מיר, די פֿרויען, מיט ביטול אַראָפּגעקוקט אויף די אַנדערע באַקאַנטע פֿרויען, מחוץ אונדזער סבֿיבֿה, וועלכע זײַנען פֿון זינט דער מלחמה נישט געגאַנגען קיין שריט פֿאָרויס, און זייער געדאַנק, אויב ער איז נישט געווען פֿאַרנומען מיט זכרונות פֿון אַ מאָל, איז געווען פֿאַרנומען נאָר מיט די קינדער, די היימען און מיט די פּרײַזן אויפֿן סופּערמאַרקעט.

פּאַוועל, דער ציניקער אין אונדזער גרופּע, האָט געהאַט אַ פֿאַרגעניגן אונדז אָנצורופֿן סאַרקאַסטיש „קאַלטשער־וואַלטשערס”. ער האָט דאָס אייגנטלעך געזאָגט אויף ייִדיש, געזאָגט, אַז מיר זײַנען קולטור־שפּאַרבערס. אונדזער גרופּע האָט גערעדט צווישן זיך אָדער פּויליש, אָדער ענגליש, און עס האָט אונדז, פֿאַרשטענדלעך, שאָקירט, ווען ער פֿלעגט, נישט־מיר נישט־דיר, אַרויספּלאַצן מיט איינער פֿון זײַנע וווּלגאַרע ייִדישע פֿראַזעס, כּדי צו באַפֿעפֿערן זײַנע קריטישע מיינונגען וועגן אונדז.

פּאַוועל איז געווען אַן אַפּטייקער. געשטאַמט האָט ער פֿון דער ליטע, אָבער ער האָט שטודירט אין וואַרשע. ער האָט גערעדט אַ גוטן פּויליש און זײַן ענגליש איז געווען

פונקט אַזאַ גוטער ווי מײַנער, אויב נישט קיין בעסערער, ווײַל זײַן אַקצענט איז געווען נישט אַזוי שאַרף ווי מײַנער. ער איז געווען אַ מיטל־וווּקסיקער, אַ ברייט־פּלייציקער און שווער־לײַביקער. ער האָט געהאַט אַ קײַלעכדיק פּנים, ווי אַ קינד, און אַ פּאָר שטאַרק בלויע אויגן, וואָס זײַנען אונטער די דיק־באַרעמטע ברילנגלעזער אויסגעקומען נאָך גרעסער און בלויער ווי זיי זײַנען אין דער אמתן געווען. זײַן כאַראַקטער האָט פֿאַרלייקנט די קינדעריש־אומשולדיקע אויסזען פֿון זײַן אויסזען. ער איז געווען אַן אומגעפֿרידענער און פֿאַרביטערטער, אַן אַ שמץ לעבנספֿרייד, און אַ קמצן אין ווערטער. כ׳האָב אים שטאַרק נישט געהערן געהאַט. זײַן רעדן ענגליש אָן אַן אַקצענט האָט געקאָנט זײַן אַ גענוגנדיקע סיבה דערפֿאַר. אָבער ער איז מיר אויך געווען אַ דאָרן אין די אויגן, צוליב זײַן דירעקטן אַדורכנעמעדיקן בליק. זײַן פֿאַרעקשנט שווײַגן האָט מיך אויפֿגערעגט, און מער נאָך, די קרענקלעכע לעבן־פֿילאָסאָפֿיע וואָס ער האָט געפּריידיקט, ווען ער האָט זיך יאָ אָפּגערופֿן. אמת, זײַנע ציניִשע באַמערקונגען האָבן אָפֿט געטראָפֿן פּונקט אין פּינטל, אָבער גראָד דערפֿאַר זײַנען זיי אַרויסגעקומען אַזוי נישט־טאַקטפֿול און באַליידיקנדיק. פּאַוועל, פּונקט ווי עדזשע, האָט נישט געברענט מיט קיין נײַגער פֿאַר דער מאָדערנער קולטור.

אָבער נישט ער, נאָר לאָלעק איז געווען אונדזער גײַסטיקער מנהיג. לאָלעק איז אונדז אַלעמען איבערגעשטיגן מיט זײַן התלהבֿות פֿאַר אַלעם וואָס איז נײַ און סטימולירנדיק. אמת, ער איז פּונקט ווי די אַנדערע מענער פֿון אונדזער גרופּע געווען פֿאַרקאָכט אין פּאָליטיק. גאָר להיפּוך צו זיי, וואָס האָבן נישט געטאָן מער ווי גערעדט, איז לאָלעק געווען אַנגאַזשירט ווי אַן אַקטיוויסט. אַ הומאַניסט דורך און דורך, האָט ער מאַרשירט אויף אַלע דעמאָנסטראַציעס און געגאַנגען אויף אַלע מאַסן־פֿאַרזאַמלונגען, וווּ די פֿרײַהייט פֿון מענטש און די ליבע צו דער מענטשהייט זײַנען געפּריידיקט געוואָרן.

לאָלעק איז געווען דאָס האַרץ און די נשמה פֿון אונדזער קרײַז, דער באַוועגנדיקער כּוח — הגם זײַן ענגליש איז געווען אַ סך אַן ערגערער ווי אונדזערער, אַ סך אַן ערגערער אַפֿילו ווי עדזשעס. ער האָט נישט געהאַט קיין געדולד צו דערגרונטעווען די שפּראַך. אפֿשר האָט ער איבער הויפּט קיין אויער פֿאַר שפּראַכן נישט געהאַט. זײַן זאַצבוי איז געווען קאַטאַסטראָפֿאַל, זײַן ווערטער־צוקלײַב שוידערלעך, און די האַרבע אויסדרוקן האָט ער איבערגעזעצט נישט צום דערקענען. די לעצטע יאָרן האָט ער קיין שום שפּראַך נישט באַגרעצט ווי ס׳געהער צו זײַן. ער האָט אַרײַנגעבראַקט אַזוי פֿיל אַנגליציזמען אין זײַן נישט־גראַמאַטישן פּויליש, אַז עס האָט געקלונגען ווי לגמרי אַ נײַער דיאַלעקט. אָבער סוף־כּל־סוף, וואָס איז דאָס וויכטיק געווען? דער עיקר איז געווען, אַז מיר האָבן זיך מיט אים אויסגעצייכנט פֿאַרשטאַנען.

ער איז נישט נאָר געווען אונדזער אינספּיראַטאָר, נאָר אויך אונדזער הויפּט־פּלאַנירער, דער ביכער־פֿאַרזאָרגער און דער בילעטן־קויפֿער, דער מבֿין אויף וואָס איז „אין” און וואָס איז „אַוט”, און דער עקספּערט אויף מאָדערנעם סעקס. להיפּוך צו די אַנדערע מאַנספּאַרשוינען פֿון אונדזער קרײַז, האָט ער קיין מאָל נישט גערעדט וועגן ביזנעס, ווי דאָס וואָלט געווען אַ טעמע אונטער זײַן כּבֿוד צו באַרירן. און ער איז טאַקע געווען הינטערשטעליק לגבי זיי אין דעם פּרט. מאַטעריעל איז אים גאָרנישט פֿייגלדיק געגאַנגען. לויטן היגן לעבן־סטאַנדאַרד, איז ער געווען אַ פֿאָלנער קבצן.

ער האָט געפֿירט אַ קליין וואַרשטאַטל פֿון מאַראַקינעריע, פֿון בײַטל־מאַכערײַ. עדזשע, ווען זי איז נישט צו קראַנק געווען, האָט אים אַרויסגעהאָלפֿן מיטן פֿירן די

ביכער, און האָט דערפֿילט די ראָלע פֿון אַ שיקיינגל. דאָס האָט זיי איינגעשפּאַרט צו צאָלן שכירות אַ דרויסנדיקן מענטש. בעת אַלע פֿון אונדזער גרופּע האָבן זיך שוין געהאַט דערשלאָגן צו וווינען אין נייע באַקוועמע היימען, זיינען לאַלעק און עדזשע נאָך אַלץ געווען פֿאַרשטעקט אין זייער „מאָנטן", ווי די ייִדן האָבן גערופֿן די געגנט פֿון דער עספּלאַנאַד־גאַס, לעבן דעם מאָנט־ראָיאַל־באַרג, וואָס הויערט איבער אונדזער שטאָט, אַ געגנט וווּ מיר, די „גרינע", האָבן געפּלעגט וווינען גלייך נאָך אונדזער אָנקומען אַהער. ווי נאָר מען האָט זיך אַ ביסל געשטעלט אויף די פֿיס, האָט מען זיך פֿון דאָרטן אַרויסגעצויגן, און אין דער געגנט האָבן זיך באַזעצט ניי־געקומענע גריכן און איטאַליענער, און שפּעטער אַריין קאָרעאַנער און וויעטנאַמעזער, בשכנות פֿון דער אָרעמער פֿראַנצייזיש־קאַנאַדישער באַפֿעלקערונג.

אונדזער חבֿרה איז, לויט פּאַוועלס מיינונג, געווען נאָך מער סנאָביש אין הילכות פֿון מאַטעריעלן סטאַטוס, ווי זי איז געווען אין הילכות פֿון קולטורעלן. דאָך האָט לאַלעקס טרויעריקער מצבֿ־הקעשענע בשום־אופֿן נישט אַרונטערגעריסן זיין אָנזען צווישן אונדז, — אַ בולטער באַווייז וואָס פֿאַר אַ מאַגנעטישע פּערזענלעכקייט ער האָט פֿאַרמאָגט. ער האָט אַרויסגערופֿן ביי אונדז דרך־ארץ פֿאַר זיין אידעאַליזם, פֿאַר זיין ביטול צו מאַטעריעלע ווערטן. דאָס האָט אונדז גופֿא נישט געשטערט אָנצוגיין און געניסן פֿון די אַלע גוטע זאַכן וואָס מען קאָן באַקומען פֿאַר געלט.

מיר האָבן לאַלעקן שיער נישט פֿאַרגעטערט. און דעם אמת געזאָגט, האָבן מיר אַ סך ליבער געהאַט ווען לאַלעק האָט זיך באַוויזן צווישן אונדז אָן עדזשען. דעמאָלט איז ער געווען מער צונויפֿגעשפּילט מיט אונדז. גאָר מיט אַ געמאַכטער זאָרג האָט מען ביי אים געפֿרעגט: „וווּ איז עפּעס עדזשע?"

ער פֿלעגט אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט: „ז'איז עפּעס נישט מיט אַלעמען".

עדזשע איז אָפֿט געווען נישט מיט אַלעמען. זי האָט געהאַט מיגרענעס, מאָגן־ווייטיקן, בויכווייטיקן און כּלערליי נעווראַלגיעס. זי איז אויך געניגט געווען צו אַקצידענטן. איין מאָל איז זי אַראָפּגעפֿאַלן פֿון די גליטשיקע פּראַנטשטיגן, אַ צווייט מאָל האָט זי זיך אָפּגעבריט, צי גאָר זיך צעשניטן אַ פֿינגער, צי זי איז סתם געפֿאַלן און האָט זיך צעקלאַפּט.

אָן אַנדערש מאָל, אַז איך האָב לאַלעקן געפֿרעגט וווּ עדזשע איז, האָט ער געצויגן מיט די אַקסלען: „דו קענסט דאָך עדזשען. דאָס וועט זי נישט אינטערעסירן".

„דאָס" איז געווייניטלעך געווען אַ רעפֿעראַט וועגן די נייסטע סעקספֿאַרשונגען, צי אַן עקספּערימענטאַלער פֿילם, צי אַן אויסשטעלונג פֿון מאָדערניסטישע מאָלעריעען, צי אַ קאָנצערט פֿון עלעקטראָנישער מוזיק, צי אַ נאַכטלאָקאַל, צי אַפֿילו אַן אַרויספֿאָר צום גורו אין אַשראַם, אין די לאָרענשאַן־בערג.



לאַלעק איז מיר שטאַרק צוגעפֿאַלן צום געשמאַק מיט זיין אויסזען, באַנעמונג, און בכלל ווי אַ מאַנספּאַרשוין. ער האָט געהאַט אַ פֿיין אינטערעסאַנט פּנים, אַ הויכן שטערן, און מיט דער צייט האָט ער די באַקן באַצירט מיט מאָדערן־פֿאַרשווירענע באַקנבערד. ווען ער האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרלירן די האָר אויפֿן קאָפּ און דער שטערן איז ביי אים נאָך גרעסער געוואָרן, האָט ער דעם דוחק אין האָר קאָמפּענסירט מיט אַ גזשיוּוקע פֿון פֿאָרנט, קונציק פֿאַרקאַמט מיט דער הילף פֿון לאַנגע זייטנהאָר, און מיט אַ געווייכטער בלאָנדער פּאָלקע, וועלכע האָט זיך חנעוודיק געראָלקעוועט אַרום זיין

קאַרק. ער איז נישט געווען קיין צו הויכער, אָבער ער האָט געטראָגן שיך אויף אונטערגעהויבענע קנאַפּלען, וואָס האָבן אים געמאַכט אויסזען אָנגענעם געוווקסיק. געקליידט האָט ער זיך פּאַסאַנאָווע, מיט געשמאַק, אין העמדער מיט אָפענע קאָלנערס, א זײַדן אָריענטאַליש־געמוסטערט טיכעלע אויסגעבונדן אונטערן האַלדז. גאַר אָפט האָט ער געטראָגן נעט־געפּאַסטע דזשינס, און זומערצײַט האָט ער געטראָגן געפּאַסטע סקויטן־הײַזלעך, און דאָס צעקנעפּלטע העמד זײַנס האָט אַנטפּלעקט זײַן האָריק האַרצברעטל. פון האַלדז איז אים אַראָפּגעהאַנגען א באַגאָלדיקטע קייט, צי א טאַשמע מיט א צוגעטשעפּעטער מאַרישער מיניאַטור־געטשקע, א סימבאָל פון פּרוכפּערקייט, ווי א קמיע אויף דאָברע־מזל. ער איז נישט געווען פּעטלײַביק, ווי די אַנדערע מענער פון אונדזער קרײַז, וואָס האָבן מיט דער צײַט גענומען אויסזען ווי באַוועגלעכע בייגל־שטענדערס, מיט די ראָלקעס פּעטס וואָס האָבן זיך בײַ זיי געוואַלקעוועט צווישן ברוסטקאַסטן און אַרויסגעשטאַרצטן בויך. ער האָט אויסגעזען א סך ייִנגער פון זיי אַלעמען.

בערך א צען יאָר זײַנען פאַרבײַ פון זינט איך האָב צום ערשטן מאָל באַגעגנט לאַלעקן, ווען עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז קעגן מײַן ווילן איז מיר אויסגעקומען צו זיצן לעבן פּאַוועלן, אין אַן אויטאָ, ווו מיר האָבן זיך אַרײַנגעפּאַקט צו פאָרן אין טעאַטער. לאַלעק איז געזעסן בײַם רעדל. צוגעפּרעסט צו מײַן פאַרעקשנט־שווײַגנדיקן שכן, האָב איך געפּרוּווט צו מאַכן זיך לכל־הפחות באַקוועמער אויפן געמיט מיטן אַרויסקריגן אים פון דער שטומקייט און געבן אים א קליין שטעכעלע.

„עס ווערט מיר ענג די וועלט אין דײַן געזעלשאַפט, פּאַוועל־קרוין, — האָב איך שמייכלענדיק א זאָג געטאָן. — ווען לאַלעק וואָלט לעבן מיר געזעסן, וואָלט מיר כאָטש געווען א סך לופטיקער צום אָטעמען".

„אָן שום ספק, — האָט פּאַוועל מיר געענטפערט און זיך מיר אָפּגעדינט מיט א בײַסיקן בליאַסק פון זײַנע בלויע אויגן. — סוף־כּל־סוף איז דאָך לאַלעק הוילע לופט".

„וואָס ביסטו אויסן צו זאָגן דערמיט?" — האָב איך זיך געפילט באַליידיקט פאַר לאַלעקן.

„גאָרנישט מער ווי דאָס וואָס כ'האָב געזאָגט. כ'האָב דיר בלויז געוואָלט דערקלערן פאַר וואָס עס וואָלט דיר געווען אַזוי באַקוועם צו זיצן לעבן לאַלעקן".

„ס'וואָלט מיר געווען באַקוועם, ווײַל ער איז שלאַנק, און דו ביסט קײַלעכדיק ווי א פאַס".

„זײַ מיר מוחל. איך וועל זיך באַמיִען קיין מאָל מער נישט צו זיצן לעבן דיר".

כ'האָב נישט געוואָלט, אַז ער זאָל זיך באַליידיקן פון מיר. כ'האָב געוואָלט לעבן בשלום מיט אַלע מײַנע פרײַנד, אַפילו מיט פּאַוועלן, צו וועמען איך האָב געהאַט א ווידערווילן, געמישט מיט א מין פאַרכט.

„נעם מיך נישט אַזוי ערנצט, — האָב איך אים א קלעפּל געגעבן אין דער האַנט און א זאָג געטאָן אין אַן איבערבעטנדיקן טאָן, — כ'האָב נאָר געוואָלט מרמז זײַן, אַז דו מוזסט עפּעס טאָן צו פאַרלירן וואָג". און כּדי צו בײַטן די טעמע, און אַזוי ווי לאַלעק איז תּמיד געווען אויף מײַן געדאַנק און איך בין שטאַרק נײַגעריק געווען אויף יעדן פּרט פון זײַן לעבן, האָב איך געבראַכן מײַן באַשלוס קיין מאָל נישט צו דערמאָנען דעם אַמאָל, און האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט א פרעג צו טאָן פּאַוועלן:

„זאָג מיר, פּאַוועל, — האָב איך אַ שעפּטשע געטאָן נאָענט אין זײַן אויער — דו קענסט דאָך לאַלעקן פֿון דער היים, אמת? ווען האָסטו זיך אײַגנטלעך דערוווּסט וועגן זײַן אָנטייל אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג?"

פּאַוועל האָט מיר נישט געענטפֿערט, ווי ער וואָלט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער האָט נישט דערהערט מײַן שאלה. האָב איך זי נאָך אַ מאָל איבערגעפֿרעגט. ער האָט זיך גענומען גאַפֿן אויף מיר מיט די שטאַרק בלויע אויגן, בעת ער האָט געוויגן אין קאָפּ וואָס מיר צו ענטפֿערן. לסוף האָט ער צוריקגעשעפּטשעט מיר אויפֿן אויער:

„איך האָב דאָס געוווּסט די גאַנצע צײַט, פֿון סאַמע אָנהייב. דאָס הייסט, אויב ווידערשטאַנד מיינט זיצן אין אַ מאַלינע און זיך נישט לאָזן כאַפּן".

כ'בין נשתּומם געוואָרן פֿון פּאַוועלס רייד. כ'האָב זיך קוים געקאָנט פֿאָרשטעלן וואָס ער איז מיט זיי אויסן געווען צו זאָגן. אָבער זײַן כּוונה אַרונטערצורײַסן לאַלעקן איז מיר געווען קלאָר ווי דער טאָג. האָב איך אַרויסגעפּלאַצט:

„ווער ברויכט שונאים, מיט אַזעלכע פֿרײַנד ווי דו? קאָנסט טאַקע נישט צוטראַכטן קיין געשמאַקערן ליגן ווי אָט דער, וועגן דײַן געטרײַסטן חבֿר?"

„ער איז טאַקע אַ געטרײַער חבֿר. און צי דו גלייבסט מיר, צי נישט, בין איך אים אויך געטרײַ. אָבער דאָס בײַט נישט דעם פֿאַקט, אַז איך בין געווען דער, וואָס האָט אים באַזאָרגט מיט געלט און מיטלען צו לעבן אין דער מאַלינע".

„ביסט אויסן צו זאָגן, אַז דאָס ביסט דו געווען דער אמתער העלד, נישט ער, האַ?"

„אַ העלד מישטיינס געזאָגט! מײַן העלדישקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב געהאַט אַן אַרישן אויסזען און האָב געקאָנט מיט מער זיכערקייט גיין אין גאַס און נישט דערקענט ווערן".

„אָבער לאַלעק האָט דאָך אויך אַ גוטן אויסזען. ער איז דאָך אַ בלאָנדער..."

„טאַקע אמת, אָבער ער האָט אַ פּאָר ברוינע ייִדישע אויגן. מײַנע אויגן זײַנען בלוי".

„עדזשע ווייסט דעם אמת וועגן לאַלעקן בעסער ווי דו. דאָס איז זיכער. זי הערט דאָך נישט אויף צו פּלאַפּלען וועגן לאַלעקס העלדישקייטן".

„זי בייטיקט זיך דערין. דאָס מאַכט זי פֿילן ווי אַ שותּפֿטע צו לאַלעקס מוט".

„טאָ פֿאַר וואָס עפֿנסטו איר נישט די אויגן און דערציילסט איר נישט וועגן דײַן ליגנערישן אמת? פֿאַר וואָס דערציילסטו דאָס נישט דער גאַנצער חבֿרה אונדזערער, פֿאַר וואָס קאָנפֿראָנטירסטו נישט לאַלעקן מיט אָט דעם אמת דײַנעם?"

„אויך מיר אַן אײַנפֿאַל! צו וואָס זאָל איך דאָס טאָן? ער טוט עפּעס עמעצן אַן עוולה? און גלייב מיר, צי ער איז יאָ געווען אַ פּאַרטיזאַן צי נישט, האָט ער זיך געראַנגלט פֿאַרן לעבן מיט ציין און נעגל און האָט זיך אָנגעליטן אַ וועלט. ער בייטיקט זיך אין דעם געפֿיל, אַז ער איז וויכטיק און מענלעך. זאָל ער עס האָבן געזונטערהייט! איך וואָלט דיר אויך נישט געענטפֿערט אויף דער שאלה וועגן אים, ווען מײַן כּוונה וואָלט נישט געווען צו מאַכן דיך זען לאַלעקן אין אַ מער רעאַליסטיש ליכט — פֿאַר עדזשעס וויל. דײַן אומשולדיקער פֿלירט מיט איר מאַן, מוז פֿאַרשאַפֿן איר צער. זי איז אַזוי סענסיטיוו און אָנגעווייטיקט".

איך האָב איגנאָרירט זײַן באַמערקונג און כּעסיק געפֿרעגט:

„אָבער ווי קענסטו זײַן נאָענט מיט אים, מיט אַזאַ בלאָפֿער?"

ווידער האָט פּאַוועל אָנגעשטעלט דעם שאַרפֿן בלוי פֿון זײַנע אויגן אויף מיר:

„ער און עדזשע זײַנען די צוויי נאָענטסטע מענטשן וואָס איך פֿאַרמאָג. אָבער עדזשע פֿאַרשאַפֿט מיר מער זאָרג ווי ער. זי קאָן זיך נישט שטעלן אויף די פֿיס. און קיין שום קינסטלעכע מיטלען העלפֿן נישט אין איר פֿאַל. און לאָלעק אַליין העלפֿט אויך נישט. אָבער אַזוי ווי איך קאָן גאָרנישט טאָן פֿאַר זיי, איז מיר געבליבן בלויז צו האַלטן אויף זיי אַן אויג. איך טו דאָס אויך אַ ביסל צוליב נײַגער, צו זען וואָס דאָס אַזוי־גערופֿענע נאָרמאַלע לעבן קאָן אָפּטאָן צו צוויי מענטשן ווי זיי, וואָס זײַנען מיט נסים אַרויס פֿון גיהנום".

איך האָב נישט רעאַגירט אויף זײַנע רייד. כ׳בין געווען צו שטאַרק צעטומלט און אויפֿגעטרייסלט.



במשך פֿון אַ פּאָר טעג האָב איך מעלה־גירהעט פּאַוועלס רייד אין געדאַנק. דאָך, נישט געקוקט אויף זייער שאָקירנדיקן עפֿעקט, האָבן זיי עפּעס נישט אַרײַנגעדרונגען טיף אין מײַן באַוווּסטזײַן. כ׳בין נישט מסוגל געווען צו זען לאָלעקן אין אַן אַנדער ליכט, ווי איך האָב אים פֿריִער געזען, און מײַנע געפֿילן פֿאַר אים זײַנען געבליבן ווי געווען. עס האָט נישט לאַנג גענומען און פּאַוועלס ווערטער האָבן מיר אָנגעהויבן אויסזען ווי נישט־געשמאַקע רכילות־רייד וואָס כ׳האָב ערגעץ אויפֿגעכאַפּט, און זיי זײַנען זיך צעשוווּמען אין אַ נעפּלדיקייט, ביז עס איז מיר אויסגעקומען, אַז איך האָב זיי קיין מאָל נישט געהערט. איך האָב אויף ס׳נײַ געזען אין לאָלעקן דעם געוועזענעם פּאַרטיזאַן און וווּנדערלעכן מענטש, דעם זעלביקן טײַערן פֿרײַנד, דעם האַרציקן און געטרײַען.

אַ פֿרוי האָט זיך געפֿילט גוט, צו באַווײַזן זיך מיט לאָלעקן אין אַ רעסטאָראַן, צי אין טעאַטער. ער איז טאַקע אָפֿט אַרויסגעגאַנגען מיט אונדז, זײַנע פֿרײַנדינס, געוויינטלעך אַהין וווּ די מענער האָבן נישט געהאַט קיין חשק מיטצוגיין. איך ווייס נישט ווי ער האָט זיך פֿאַרהאַלטן לגבי די אַנדערע פֿרויען נאָך אַ פֿאַרשטעלונג, צי נאָכן אָוונטברויט. אָבער מיט מיר פֿלעגט ער דערנאָך אַרויפֿקומען אין מײַן אַפּאַרטמענט, אויף „אַ טעפּל קאַווע".

איך האָב זיך באַטראַכט ווי אַ פֿרײַע פֿרוי. פֿאַר דער מלחמה וואָלט מען מיך אָנגערופֿן אַ פֿאַרזועסענע. בעת דער מלחמה האָב איך פֿאַרלוירן מײַן ערשטן און איינציקן געליבטן. דערנאָך איז געקומען דער מאָנסטער אַלבערט און האָט בײַ מיר, אויפֿן לעבן אַרויס, צוגערויבט דעם חשק צו לעבן מיט אַ מאַן. זײַן „איך ליבע דיך" האָט אָוועקגעהרגעט מײַן גלויבן אין ראָמאַנטישער ליבע. כ׳האָב נישט חתונה געהאַט. נישט ווײַל קיין געלעגנהייטן האָבן זיך נישט געמאַכט, און נישט, ווײַל עס האָבן זיך מיר נישט נאָכגעשלעפּט קיין ראָמאַנטישע צויטן, נאָר קיין קינדער האָב איך סײַ ווי נישט געוואָלט האָבן. אמת, כ׳האָב געוואָלט ווײַטער ציִען דעם ירושה־פֿאָדעם פֿון מײַן משפּחה, נאָר ס׳האָט מיך גערודפֿט די אימה, אַז איך קאָן ברענגען פּאָטענציִעלע קאַפּאָס אויף דער וועלט. אַזוי נעוראָטיש בין איך געווען. אַפֿילו מײַנע ריין־סעקסועלע באַגעגענישן מיט מענער האָבן מיר געגעבן ווייניק פֿאַרגעניגן. איך האָב זיך פֿון זיי נישט געקאָנט אָפּזאָגן, ווײַל מײַן עלנט האָט זיי געברויכט. מײַן האַרץ איז געווען צעאַקערט פֿון אַ מיליאָן באַדרענגענישן. משונהדיקע זעונגען האָבן געהאַלטן אין איין רודפֿן מיך דורך מײַנע טעג. מײַנע זינד האָבן מיר נאָכגעיאָגט, און אַנשטאָט מיט דער צײַט קלענער צו ווערן אין זייער וויכטיקייט, האָבן זיי אויסגעזען זיך צו צעוואַקסן אין ריזיקע דימענסיעס. מײַן רגע פֿון רעכענונג האָט געלאָקערט אויף מיר פֿון אומעטום. צום אָפֿטסטן האָט זי אַרויסגעקוקט אויף מיר פֿון די אויגן פֿון קינדער, פֿון מיידעלעך פֿון אַ יאָר צען, אויף

זייער וועג אין שול, צי פֿון דער שול. מײַנע וואַכע נעכט האָבן זיך געטונקען אין גרויל. און ווען דער שלאָף האָט בשום־אופֿן נישט געוואָלט קומען, און כ׳האָב זיך געדרייט און געדרענגט אויף מײַן בעט, איז דאָס האַרץ מיר אויסגעגאַנגען פֿון בענקעניש צו דערשפּירן די באַהעפֿטקייט פֿון אַן אַנדערן מענטשן, צו פֿילן דעם באַריר פֿון וואַרעמער הויט אויף מײַן הויט.

לאַלעק האָט מיט יִראת־הכּבֿוד און באַוווּנדערונג אַרויפֿגעקוקט צו מיר. „דו ביסט די איינציקע פֿון אונדז, — האָט ער מיך געלויבט, — וואָס האָט זיך פֿולקום אַרויסגעריסן פֿון אונדזער גײַסטיקן געטאָ”. ער פֿלעגט בתּפֿעל ווערן פֿון מײַן אויסגעצייכנטן ענגליש, פֿון די נײַסטע אויסדרוקן וואָס איך האָב באַנוצט, און פֿון מײַן סטיל פֿון קליידן זיך אין דער לעצטער מאָדע. מײַנע מעלות פֿון אַ קאָמעלעאָן זײַנען אים שטאַרק געווען צום האַרצן. איך האָב געהאַט אין אים אַ התלהבֿותדיקן פֿאַרערער און באַדינער. ער האָט נאָר געוואַרט אויף אַ ווונק פֿון מיר, צו לויפֿן, צו האָווען און מיר ברענגען אַט דאָס וואָס מײַן קאַפּריז האָט דיקטירט. תּמיד איז ער געווען צו מײַן דיספּאָזיציע. צײַט איז בײַ אים קיין מאָל נישט געווען קיין מניעה. אויף גאַנצענע טעג האָט ער זיך געקאָנט אַרויסכאַפּן פֿון זײַן פֿאַבריקל. דאָס האָט ער עדזשען געהאַט אויסגעלערנט אים דאָרטן צו פֿאַרטרעטן.

היות ווי לאַלעק און איך זײַנען זיך ווײַט נישט געווען אָפּשטויסנדיק, האָט דאָס „טעפּל קאַווע” אין מײַן דירה זיך געוויינטלעך פֿאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. אונדזער ווערן געליבטע איז געווען נישט מער ווי אַ נאַטירלעכע סטאַדיע אין דער אַנטוויקלונג פֿון אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט. לאַלעק האָט אויפֿגעוועקט אין מיר אַ ווײַטן ווידערשײַן פֿון דעם פּאָעטישן חן, פֿון דער וואַרעמקייט און האַרציקער צערטלעכקייט, וואָס האָבן געפֿלעגט זײַן דער באַגלייט־מאָטיוו פֿון מײַן אַמאָליקער ערשטער ליבע. אָבער קיין שום עמאָציאָנעלע סצענעס זײַנען צווישן אונדז קיין מאָל נישט פֿאָרגעקומען, קיין שום אײַפֿערזוכט־חשבונות, קיין שום אויסרעדעניש, ווי עס טרעפֿט געוויינטלעך צווישן צוויי מענטשן וואָס זײַנען מיט זיך אַזוי אינטים ווי מירביידע זײַנען געווען. אויב לאַלעק האָט מיר אַ מאָל, נישט־ווילנדיק, פֿאַרשאַפֿט עגמת־נפֿש, האָב איך זיך געצוווּנגען צו איגנאָרירן דעם ווייטיק. מײַן ראָמאַן מיט אים איז געווען דער גרעסטער אוצר וואָס איך האָב פֿאַרמאָגט.

לאַלעק און איך האָבן געהאַלטן, אַז מיר האָבן נישט קיין סיבה זיך צו שעמען און אויסצובאַהאַלטן דעם אמת וועגן אונדז פֿון אונדזערע פֿרײַנד — צי אַפֿילו פֿון עדזשען. אויב עס גייט אין מיר, האָב איך נישט געטראַכט, אַז איך דאַרף זײַן געוואָרנט מיט עדזשען, נישט דערפֿאַר ווײַל זי האָט סײַ ווי נישט געוווּסט וואָס עס טוט זיך אַרום איר, אָדער ווײַל איך האָב מורא געהאַט איר צו פֿאַרשאַפֿן צער. דאָס לעצטע איז מיר אַפֿילו נישט אײַנגעפֿאַלן. איך האָב זעלטן געטראַכט וועגן איר ווי וועגן אַ מענטש פֿון בלוט און פֿלייש, נאָר גיכער געזען אין איר דעם סימבאָל פֿון מײַן תּוכיקער גוטסקייט. ווען איך האָב זי יאָ געזען ווי אַ מענטש פֿון בלוט און פֿלייש, האָב איך זי באַטראַכט פֿאַר מזלדיקער פֿון מיר. לאַלעק איז זיך פֿאַר איר מקרבֿ געווען. ער האָט זי נישט פֿאַרלאָזן, און צו איר האָט ער סוף־כּל־סוף געהערט. איך האָב זי מקנא געווען. אַזוי אַז די סיבה פֿאַר מײַן נישט אויסהיטן זיך פֿאַר עדזשען האָט געשטאַמט פֿון אַ גאָר אַנדערן מקור. איך האָב שוין געוווּסט אויף זיכער, אַז לאַלעק האָט נישט קיין אָנונג וואָס עס איז צווישן עדזשען און מיר געשען אין לאַגער. ער האָט אַפֿילו נישט געוווּסט, אַז איך בין

מיט איר געווען צוזאַמען אין אַ לאַגער. איך אַליין, אויב עס איז אַ מאָל צווישן אונדזער חבֿרה אויפֿגעשוווּמען אומגעריכט די טעמע וועגן יענע צײַטן, האָב אָנגענומען אַ פֿול מויל מיט שווײַגן. איך האָב דעם נאָמען פֿון מײַן לאַגער קיין מאָל אויף די ליפּן נישט געבראַכט, און אויב מען האָט מיך דירעקט געפֿרעגט אין וואָס פֿאַר אַ לאַגער איך בין געווען, האָב איך געענטפֿערט: ערגעץ אין אַ בײַעריש שטעטל.

בין איך דאַנקבאַר געווען עדזשען פֿאַר נישט אויסגעבן מיך. זי, די שוואַכע און אָפּהענטיקע, האָט אין דעם פּרט אַרויסגעוויזן אַ משוגעהדיקן כּוח פֿון כאַראַקטער. און צוליב דעם, און אויך צוליב מײַנע געפֿילן פֿאַר לאַלעקן, האָב איך זיך געפֿילט נאָך מער געקניפּט און געבונדן מיט איר. דערפֿאַר האָב איך געהאַלטן פֿאַר מײַן חובֿ נישט צו טאָן גאָרנישט הינטער אירע פּלייצעס און נישט אויסצובאַהאַלטן דעם אמת פֿון איר.

איך וועל נישט זאָגן, אַז דאָס איז מיר אָנגעקומען לײַכט. די צוויטן פֿון דער אַמאָליקער סעקסועלער מאָראַל האָבן זיך נאָך אַלץ אָנכגעשלעפּט נאָך מיר; כ׳האָב פֿון זיי נישט געקאָנט פּטור ווערן. און דאָס האָט גורם געווען אַ קרענקלעך שולדגעפֿיל, וואָס איז פֿאַרשמעלצט געוואָרן מיט מײַנע אָנהערע מאַכטיקע געפֿילן פֿון שולד. ווי אַ פּועל־יוצא דערפֿון, איז פֿאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז מײַן אויפֿפֿירונג איז, מער ווי אַלץ, געווען אָן אַנדערע פֿאָרעם פֿון מײַן פֿלירטעווען מיטן טויט. איך האָב אײַנגעזען, אַז דאָס רייץ איך זיך מיט עדזשען, כּדי זי צו פּראָוואָצירן, אַז זי זאָל אָנצילן איר ווײַזפֿינגער אויף מיר, און מיך באַשולדיקן. דערפֿאַר האָט מײַן אָפֿנקייט מיט איר געפֿאָדערט אַ סך קוראַזש.

וואָס שייך די פֿרײַנד אונדזערע, האָבן זיי זיך צו מיר און צו לאַלעקן באַצויגן אַזוי ווי מיר האָבן דערוואַרט. אָן קאָמענטאַרן. אונדזער גרופּע איז באַשטאַנען פֿון פּאָרלעך, וואָס האָבן חתונה געהאַט נאָך דער מלחמה, טייל פֿון זיי צום צווייטן מאָל. די מערסטע פֿון די פּאָרלעך האָבן געקלעפּט צו אַנאַנדער און זײַנען זיך גאַנץ געטרײַ געווען. אָבער באמת צונויפֿגעשפּילט איז געווען נאָר איין פּאָרל, צי צוויי. דערפֿאַר בין איך זיכער, אַז דאָס רובֿ האָט באַוווּנדערט לאַלעקן און מיך, פֿאַר אונדזער דערוועגטקייט צו פּראַקטיצירן אין לעבן יענע פֿרײַהייטן, וועגן וועלכע מיר האָבן געפּריידיקט בײַם טיש, בעת אונדזערע שמועסן.

נאָר פּאַוועל, דער געוויינטלעך שווײַגעוודיקער און פֿאַרביטערטער — פֿאַרביטערט אפֿשר מער קעגן זיך ווי קעגן אונדז — האָט פֿון צײַט צו צײַט אָנגעצילט די פֿײַלן פֿון זײַן גאַליקייט קעגן לאַלעקן און מיר. אָבער דאָס האָט קיין באַטײַט נישט געהאַט, ווײַל פּאַוועל האָט אויך נישט געשוינט אונדזער גרופּע ווי אַ גאַנצע. ער האָט למשל געהאַלטן, אַז מיר זײַנען אַ חבֿרה „פֿאָניס”, אַז מיר זײַנען נישט עכט, נישט אויטענטיש, אַז מיר זײַנען דילעטאַנטן, וואָס פֿאַלן אַרײַן אין אַ קעלבערנער התפּעלות איבער איטלעכן נײַעם שלייער אין וועלכן די זעלבע יענטע צירט זיך אויס. ער האָט אונדז פֿאָרגעוואָרפֿן, אַז נישט געקוקט אויף אונדזער כּסדרדיקן פּלאַפּלען וועגן „גײַסט” און קולטור, האָבן מיר דורך די אַלע יאָרן זיך אין גאָרנישט פֿאַרטיפֿט ווי ס׳געהער צו זײַן, אַז מיר זײַנען זשאָנגלערן פֿון פּוסטע פֿראַזעס און הוילע סענטימענטן, אַז מיר פֿאַרכלײַען זיך מיטן שוים פֿון דעם אַזוי גערופֿענעם קולטור־לעבן און לאָזן זיך מיטטראָגן מיט די נײַע מאָדעווינטן — ווײַל מיר האָבן מורא צו קוקן דעם אמת אין די אויגן אַרײַן. און דער אמת איז, אַז מיר פֿילן זיך פֿרעמד אין אָט דער נײַער וועלט, אַז מיר קלאַמערן זיך אַזוי אין דער הײַנטצײַטיקייט גראָד דערפֿאַר, ווײַל זי שרעקט אונדז אַזוי.

אָבער צו פּאַוועלס „שפּילקעלעך” זײַנען מיר געוווינט געווען. זײַן ספּאָרט איז

געווען אַרונטערצוריַיסן סיַי אַנדערע, סיַי זיך אַליין. אים האָבן זיך אויך נאָכגעשלעפּט נישקשהדיקע צייטן פֿון אַמאָל. בעת דער מלחמה, ווען ער האָט זיך אַזוי שטאַרק געהאַט פֿאַרנומען מיט אַנדערע, פֿאַרשטעקטע אין די לעכער און מאַלינעס, האָט מען געכאַפּט זיַין פֿרוי און קינד, און ער האָט זיי מער אויף די אויגן נישט געזען. האָט ער זיך אַלע יאָרן אַרומגעטראָגן מיטן געפֿיל, אַז דאָס האָט ער זיי אומגעבראַכט. נאָך אַ גליק וואָס ער האָט געהאַט סילוויאַן, זיַין לעבנספֿריַידיקע, צוציִענדיקע צווייטע פֿרוי. זי האָט אים אויף כּוח מיטגעשלעפּט אויף אונדזערע צוזאַמענטרעפֿן. זי האָט געהאַט פֿאַר אונדז אַ גוואַלדיקן אָפּשיַי, און מיר האָבן זיך אַלע געשפּיגלט אין איר. זי איז געקומען קיין קאַנאַדע האַרט פֿאַרן אויסבראָך פֿון דער מלחמה, און מיר האָבן זי באַטראַכט ווי אַ היי־געבוירענע, אַן אמתע קאַנאַדערין. מיר האָבן שטאָלצירט מיט איר. אָבער פּאַוועל האָט זי נישט אָפּגעשאַצט. ער האָט איר אָפּגעטאָן צרות. סילוויאַ האָט מער ווי איין מאָל אים פֿאַרקלאָגט אָפֿן, פֿאַר אונדזער גאַנצער גרופּע. ער האָט זי סאַדיסטיש געפּיַיניקט מיט דערמאָנונגען פֿון זיַין ערשטער פֿרוי און קינד און מיטן כּסדרדיקן באַשולדיקן זיך פֿאַר זיַינע זינד.

אָבער הגם מיר האָבן איגנאָרירט פּאַוועלס ביַיסיקע באַמערקונגען, פּונקט ווי מיר האָבן איגנאָרירט עדזשעס רייד, איז פּאַוועל בשום־אופֿן נישט געווען קיין מאַנספּאַרשויניִשע אויפֿלאַגע פֿון עדזשען. ערשטנס, האָט ער געהאַט אַן אַקאַדעמישע אויסבילדונג, וואָס מיר, וועמעס אוניווערסיטעט ס׳איז געווען דער קאַצעט, האָבן מקנא געווען. צווייטנס, האָט ער, נישט געקוקט אויף זיַין דוחק אין ענטוזיאַזם פֿאַר דער מאָדע, דאָך געוווּסט וואָס עס טוט זיך אין דער היַינטיקער וועלט. צו דעם אַלעם האָט ער, ביַי זיַין גאַנצער ביטערקייט, געקאָנט אַ מענטשן אַ טובֿה טאָן אָן אַ גרויסן טאַראַראַם. דאָס האָב איך געמוזט מודה זיַין, צי ער איז מיר יאָ געווען סימפּאַטיש, צי נישט. איך האָב, למשל, געוווּסט פֿון לאַלעקן, אַז דאָס האָט פּאַוועל זיך פֿאַרנומען מיט עדזשעס געזונט־פּראָבלעמען, און ער האָט דאָס געטאָן אַזוי, אַז נישט עדזשע און נישט לאַלעק האָבן זיך געפֿילט אומבאַקוועם דערמיט. דערפֿאַר האָב איך געהאַט אַ מין קאַלטן אָפּשיַי פֿאַר פּאַוועלן, בעת איך האָב אים פֿיַינט געהאַט און אים איגנאָרירט.

און אַז פּאַוועל איז געווען גערעכט אין זיַין אָפּשאַצונג וועגן אונדז — טאָ וואָס? איז דען זיַין אָפּשאַצונג, בפֿרט וועגן מיר און לאַלעקן, נישט געווען אין תּוך אַן אויבנאויפֿיקע? ווי טיף איז ער מסוגל געווען אַריַינצובליקן אין אונדזערע נשמות? וואָס האָט פּאַוועל געוווּסט וועגן דעם עצם איך מיַינעם, אָדער לאַלעקס? די מענטשלעכע טראַגעדיע, אָדער בעסער געזאָגט די מענטשלעכע טראַגיקאָמעדיע באַשטייט דאָך דערין, וואָס דער יעניקער מענטש וואָס קעכלט אַ שלאַנג אין זיַין אייגענעם בוזעם און נעמט איַין אַ טעגלעכע דאָזע פֿון סם, איז בלינד צו דעם פֿאַקט, אַז זיַין ברודערמענטש קעכלט אַן ענלעכע שלאַנג אין זיך, און לעבט אויך אויף אַ דיעטע פֿון סם.

נישט פּאַוועל האָט געוווּסט, נישט ער האָט זיך משער געווען, אַז לאַלעק און איך זיַינען געווען ווי צוויי זיך־טרינקענדיקע, וואָס האַלטן זיך אָן אייַנער אָן אַנדערן. און הגם זיי זינקען צוליב דעם נאָך טיפֿער איַינעם וואַסער־ווירבל, האָבן זיי לכל־הפּחות די אויגנבליקלעכע אילוזיע, אַז זיי האָבן געפֿונען אַן אָנשפּאַר און ראַטעווען זיך. וואָס האָב איך, די כּלומרשט גיַיסטיק שטאַרקע, איך, די כּלומרשט האַרטע און פֿאַרפּאַנצערטע, פֿאַרמאָגט מער ווי דאָס געראַטעוועטע, עלנטע, נעוראָטישע לעבן מיַינס, אָט דאָס לעבן, וואָס האָט ביַי מיר אַזוי געמאָנט אויסגעלעבט צו ווערן, און האָט מיך געצוווּנגען, מיט

דאַנקבאַרקייט, און אָן שום סקרופּלען, אויסצוזויגן יעדער ברעקעלע פֿאַרגעניגן וואָס איז מיר צוגעפֿאַלן אויף מײַן פּוסטן וועג? און לאַלעק, הגם אַזאַ ענטוזיאַסטישער פֿריידיקער ליבהאָבער פֿון לעבן — האָט ער נישט געהאַט קיין טעג פֿון שווערע דעפּרעסיעס?



אַז איך האָב זיך אַ מאָל שלעכט געפֿילט און בין נישט געווען אין קיין גוטער שטימונג, האָט לאַלעק מיר צענדליקער מאָל טעלעפֿאָנירט, אויסצוגעפֿינען ווי איך פֿיל זיך. אין די אָוונטן פֿלעגט ער פֿון מיר נישט אָפּטרעטן. אַז עפּעס ענלעכס איז געשען מיט לאַלעקן, און ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין איינער פֿון זײַנע שווערע דעפּרעסיעס, האָב איך אים אָפּגעדינט מיט דער זעלביקער זאָרג.

אַז איך האָב אָנגעקלונגען צו אים אַהיים, און עדזשע האָט אָפּגענומען דעם טעלעפֿאָן, האָט זי מיט אָן איבערגעטריבענעם התלהבֿות אויסגערופֿן דורכן טרײַבל: „אוי, דאָס ביסטו? וואָס מאַכסטו, רעלאַ? — און נישט וואַרטנדיק, אַז איך זאָל איר זאָגן וואָס איך מאַך, האָט זי צוגעגעבן: — וואַרט, איך גיב דיר שוין לאַלעקן“.

ווען לאַלעק איז צוגעקומען צום טעלעפֿאָן, האָב איך געשפּאַסט מיט אים: „דו זעסט, — האָב איך געזאָגט, — דײַן עדזשע שענקט דיך אַוועק צו מיר“. בעת־מעשה האָט מײַן האַנט וואָס האָט געהאַלטן דאָס טרײַבל גענומען משונהדיק אַראָפּשווערן. דאָס קלינגען לאַלעקן אין שטוב אַרײַן, ווען נישט אין שײַכות מיט אַ צוזאַמענטרעף פֿון אונדזער גרופּע, האָט מיך תּמיד אומרויִק געמאַכט.

איין מאָל, ווען לאַלעק איז געווען אין אַ טיפֿער דעפּרעסיע, און האָט נישט געהאַט קיין ענערגיע אַרויסצוגיין פֿון דער שטוב, האָב איך געהאַלטן פֿאַר מײַן חובֿ אים אָפּצושטאַטן אַ וויזיט אין דער דירה אויף דער עספּלאַנאַד־גאַס. אויפֿן וועג אַהין האָט דאָס האַרץ בײַ מיר געפֿלאַטערט סײַ פֿון פֿרייד, סײַ פֿון אומרו. איך האָב זיך אין האַרצן געפֿרעגט ווי עדזשע וועט מיך אויפֿנעמען.

צו דער דירה ווו לאַלעק און עדזשע האָבן געוווינט, און ווו אונדזער חבֿרהס צוזאַמענטרעפֿן פֿלעגן אַזוי אָפֿט פֿאָרקומען, האָט אַרויפֿגעפֿירט אַ געדרייטער הילצערנער שטיגן־לייטער, דירעקט פֿון דער גאַס, אין אַלטן קוויבעקער סטיל. די דירה איז געווען אַ לאַנגע און אַ טונקעלע. בלויז דאָס אויפֿנעם־צימער האָט פֿאַרמאָגט אַ גרויס פֿרײַ פֿענצטער מיט אַ וווּנדערלעכן אויסבליק: אַ גרויס ספּאָרטפֿעלד אויפֿן הינטערגרונט פֿון מאָנט־ראָיאַל־באַרג מיטן צלם אין דער שפּיץ. דאָס מעבל אין דער דירה איז געווען דאָס זעלביקע וואָס לאַלעק און עדזשע האָבן זיך געהאַט אײַנגעשאַפֿט די ערשטע יאָרן נאָך זייער קומען אַהער. די צײַט האָט שוין נישקשהדיק געהאַט אויסגעדליבעט די סאָפֿעס און פֿאָטעלן, אויסגעזויגן די לעבעדיקע שטאָפֿפֿאַרב פֿון די פֿירהאַנגען און זיי אָנגעגעבן אַ פּאַפּעלאַטן אויסזען. אָבער די דירה איז געווען זויבער, אײַנגעאָרדנט מיט באַשיידענע מיטלען, דאָך מיט געשמאַק, עסטעטיש. בײַ מיר איז קיין ספֿק נישט געווען, אַז דאָס האָט לאַלעק געהאַט צוגעלייגט אַ האַנט צום באַשאַפֿן אָט דעם אָנגענעמען עפֿעקט.

עדזשע האָט מיך אויפֿגענומען מיט אַ פֿאַרשעמט האַלב־שמייכעלע. זי האָט מיר פֿאָרגעשלאָגן אַ גלאָז טיי, האָט אַרויפֿגעשטעלט כּיבוד אויפֿן קאַווע־טישל און איך מיט לאַלעקן האָבן זיך אַוועקגעזעצט, אָדער בעסער געזאָגט, זײַנען אַרײַנגעזונקען אין דער טיפֿער סאָפֿע מיט צעבראָכענע ספּרונזשינעס אונטערן געזעס. איך האָב מיט אייפֿער אײַנגעפֿעדעמט דעם שמועס און געפּרווט אויפֿהײַטערן לאַלעקן מיטן פּלאַפּלען וועגן

פֿאַרשיידענע קולטור־אַקטואַליען, בעת עדזשע האָט אונדז באַדינט. זי האָט נישט אַרײַנגעבראַכט קיין ציטרין פֿאַר דער טיי, און לאַלעק האָט זי מיט אַ זײַדענער העפֿלעכקייט דערמאָנט דערוועגן.

זי האָט צוגעכאַפּט אַ הענטל צו דער באַק און האָט אויסגערופֿן: „אוי, בין איך צעחושט! כ׳ברענג שוין אַרײַן!"

אַז זי האָט אַרײַנגעבראַכט די ציטרין, האָט לאַלעק, אין איר בײַזײַן, גוטמוטיק קאָמענטירט: „עדזשע לעבט אויף דער לבֿנה".

עדזשע האָט אײַנשטימיק צוגעשאָקלט מיטן קעפּל: „יאָ, כ׳פֿלי אין די הימלען. איך ווייס נישט פֿאַר וואָס, — נאָר ווי זי האָט דאָס געזאָגט, האָב איך אין מײַן געדעכעניש ד׳ערזען דעם אָפּנעם ליידיקן הימל איבער אונדזער קאָנצענטראַציע־לאַגער. צום גליק, האָט עדזשע צוגעגעבן מיט אַ לעכערלעך־שפּאַסיקן טאָן: — כ׳האָב אַ שוואַכקייט צו אַסטראָנאָמיע".

לאַלעק האָט זיך פֿאַרשטענדיק איבערגעוווּנקען מיט מיר. מיר האָבן געוואָרט, אַז זי זאָל נעלם ווערן אין דער קיך און מיטנעמען מיט זיך דעם שוואַרצן קאָטער וואָס זי האָט אויסגעהאָדעוועט. זי האָט דעם קאָטער גערופֿן: לאַוועראַבוי. ער האָט זיך תּמיד לאַשטשענדיק געפּלאָנטערט צווישן אירע דינע גאַנץ זגראַבנע פּיטלעך. מײַן שמועס מיט לאַלעקן האָט זיך פֿאַרצויגן און אַ פּאָר שעה זײַנען פֿאַרבײַ. איך האָב געהערט עדזשעס קול קומען פֿון דער קיך. דאָס האָט זי גערעדט צו דעם קאָטער אירן און האָט אים אָנגערופֿן בײַ דעם גרילציק־צערטלעכן משונהדיקן נאָמען. ס׳האָט זיך מיר געוואָלט אויסדאַכטן, אַז עדזשע פֿאַרגרייט דרינען, אין דער קיך, עפּעס אַ סמיק מאכל פֿאַר לאַלעקן און מיר. האָב איך מיט אַ געמאַכטער הײַטערקייט אַרײַנגערופֿן צו איר: „עדזשע, וואָס טוסטו דרינען? קום אַרײַן!"

זי האָט אַרויסגעשטעקט דאָס קעפּל פֿון דער קיכטיר און מיך באַשאָנקען מיט אַ קרום שמייכעלע: „כ׳קום שוין אַרײַן. כ׳וועל נאָר אָנקאָרמען דעם לאַוועראַבוי מײַנעם".

איך בין אָנגעגאַנגען מיטן שמועס מיט לאַלעקן און אויסגעקוקט אויף עדזשעס אַרײַנקומען. כ׳האָב דערוואָרט — ווי אַ פֿאַרמישפּטע, אָבער אַ בראַווע — אַז אָט באַלד זאָל זי זיך באַווײַזן פֿאַר אונדז מיטן סמיקן מאכל, אַז זי וועט מיך אַדורכשטעכן מיט אַ נקמה־ד׳אָרשטיקן בליק און מיך צווינגען אויפֿצועסן וואָס זי האָט פֿאַרגרייט. אַז זי האָט געדאָרשט נאָך נקמה איז בײַ מיר קיין ספֿק נישט געווען. כ׳האָב געהאַלטן פֿון דעם אַלטן כּלל, אַז מיר האָבן צום מערסטן פֿאַראיבל אויף די, וועמען מיר האָבן צום מערסטן צו פֿאַר׳דאַנקען.

אָבער עדזשע איז אַרויסגעקומען פֿון דער קיך ערשט צו מײַן אַוועקגיין: „גיי געזונטערהייט. אַ דאַנק פֿאַרן קומען", — האָט זי זיך אָפּגעזעגנט מיט מיר.

דאָ האָט לאַלעק דערקלערט, אַז מײַן וויזיט האָט אים אַזוי אָפּגעפֿרישט, אַז ער פֿילט זיך אין דער פֿאָרעם זיך איבער׳צושפּאַצירן און מיך באַגלייטן אַהיים. מיר זײַנען אַרויס פֿאַר דער טיר און שטיין געבליבן פֿאַר דעם געדרייטן שטיגן־לייטער וואָס האָט אַראָפּגעפֿירט צו דער גאַס. עדזשע מיטן קאָטער זײַנען אַרויסגעקומען זיך נאָך אַ מאָל געזעגענען, און לאַוועראַבוי האָט זיך גענומען לאַשטשען צו מײַנע פֿיס. כ׳האָב מורא באַקומען, אַז ער וועט מיר אַראָפּלאָזן אַן אייגל אין מײַנע ניילאָנזאָקן. איבער הויפּט האָב איך דערווידער געהאַט אָט דאָס שוואַרצע פֿאַרזעעניש פֿון אַ קאָטער, אָט דעם

שקאַראַדנעם, ווײַך־טרעטנדיקן, שפּאַנירנדיקן שד מיט די גרינע ווילדיקע אויגן, וואָס זײַנען איבער מיר געקראָכן ווי צוויי בישטערנדיקע טאַשלעמפּ.

עדזשע האָט גוט געוווּסט ווי אָפּשטויסנדיק דער קאָטער איז מיר. איצט, אַז זי האָט אים דערזען זיך פּלאָנטערן צווישן מײַנע פֿיס, האָט זי זיך צעכיכיקעט און אים דערלאַנגט אַזאַ שטאַרקן קאָפּע מיטן פֿוס, אַז דאָס באַשעפֿעניש האָט זיך צעיאָמערט מיט אַ כמעט־מענטשלעך קול, און איז אין אַן אויגנבליק נעלם געוואָרן אין די טיפֿענישן פֿון דער דירה. כ׳בין נשתומם געוואָרן פֿון עדזשעס ברוטאַלקייט. אין דעם מאָמענט איז פֿאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז איך האָב פֿאַר עדזשען מורא געהאַט מער, ווי איך האָב מורא געהאַט פֿאַר איר קאָטער.

כ׳בין פֿאָרזיכטיק אַראָפּגעגאַנגען די שטיגן און געהאַט דאָס בולטע געפֿיל, אַז אָט באַלד וועט אַ האַנט מיך אַ שטויס טאָן פֿון הינטן און כ׳וועל זיך אַראָפּקײַקלען אויפֿן טראָטואַר. כ׳האָב אַ קער געטאָן דעם קאָפּ אויף צוריק, און האָב דערזען עדזשען אין דער הייך, שטיין אין דער טירעם, מיטן קאָטער אין די אָרעמס. זי האָט אים געדריקט צום בוזעם און כ׳האָב געהערט ווי זי זאָגט צו אים: „אוי, וואָס האָב איך געוואָלט פֿון דיר, לאַווערבוי? זײַ מיר מוחל. כ׳האָב דיר נישט געוואָלט ווײ טאָן. נו, שאַ, לאַווערבוי, שאַ...‟ ווען איר בליק האָט זיך באַגעגנט מיט מײַנעם, האָט זי אַ פֿאָכע געטאָן מיטן הענטל און אונדז נאָכגערופֿן: „גייט געזונטערהייט און פֿאַרברענגט גוט!‟

□

איך דערמאָן זיך אַ צווייט מאָל, ווען איך בין צו זיי אַרויפֿגעקומען אַליין, נישט ווי אַ טייל פֿון אונדזער גרופּע. דאָס מאָל איז לאָלעק נאָך נישט געווען אין דער היים פֿון דער אַרבעט. איך האָב זיך געהאַט אָפּגערעדט מיט אים צו פֿאָרן ערגעץ אויף אונטערוויט און דערנאָך גיין צו אַ ווערניסאַזש פֿון אַן עקספּערימענטאַלן מאָלער, וואָס האָט באַנוצט כּלערליי כעמישע שטאָפֿן אַנשטאָט פֿאַרב. לאָלעקס אויטאָ האָט זיך געהאַט צעבראָכן, און איך האָב אים געזאָלט אָפּנעמען פֿון זײַן דירה. עדזשע האָט מיך אויפֿגענומען, ווי תּמיד, מיט אַן איבערגעטריבענער פֿרײַנדלעכקייט און געבעטן, אַז איך זאָל זיך מאַכן באַקוועם אויף דער סאָפֿע. נאָך אַ פּאָר מינוט, איז זי מיט אַ שמייכל, וואָס איז געווען סײַ קינדיש, סײַ כיטרע, פּאַמעלעך אונטערגעקומען צו מיר. זי האָט געהאַלטן אַ קליינע פֿאַרבלייכט־אָפּגעריבענע פֿאָטאָגראַפֿיע אין דער האַנט און האָט זי מיר געוויזן. „זעסט וואָס כ׳האָב באַקומען צוגעשיקט פֿון אַ קרובֿה פֿון אַרגענטינע? — האָט זי פֿײַערלעך אַ שעפּטשע געטאָן. — דאָס מיידעלע וואָס דו זעסט דאָ, דאָס בין איך. כ׳בין אַלט געווען צען יאָר. דאָס האַלט איך אַ שול־אויסצייכענונג אין דער האַנט. כ׳בין געווען די בעסטע תּלמידה אין מײַן קלאַס‟.

מײַן שוועסטערל מאַבישע איז אַלט געווען צען יאָר ווען זי איז אומגעקומען. דאָס מיידעלע אויף דער פֿאָטאָגראַפֿיע האָט זי אויפֿגעלעבט פֿאַר מיר מיט אַ פּײַנלעכער קלאָרקייט.

„דו ווייסט דאָך, אַז ווען מען איז אָנגעקומען אין אוישוויץ, האָט מען אונדז אַלץ צוגענומען, און אויך די פֿאָטאָגראַפֿיעס‟ — האָב איך דערהערט ווי עדזשע זאָגט.

דאָס וואָרט „אוישוויץ‟, אַרויסגעזאָגט אויף אַ קול, דער טאָג פֿון אונדזער אָנקומען אַהין, וואָס עדזשע האָט אַזוי אומגעריכט דערמאָנט, האָבן מיר פֿאַרהאַקט דעם אָטעם. כ׳האָב זיך געוואָלט פֿאַרשטאָפּן די אויערן, פֿאַרשטעלן עדזשעס מויל מיט דער האַנט. כ׳האָב געוואָלט אַנטלויפֿן. כ׳בין פֿאַרשטײַפֿט געוואָרן אויפֿן געדאַנק, אַז אָט באַלד

וועט עדזשע זיך פֿונאַנדעררעדן וועגן אוישוויץ, הגם זי האָט דאָס קיין מאָל פֿריִער נישט געטאָן. זי האָט, פּונקט ווי איך, קיין מאָל נישט גערעדט וועגן יענע טעג. צום גליק, האָט זי דאָס אויך איצט נישט געטאָן. ווי נאָר מיר האָבן דערהערט לאַלעקן לויפֿן אויף די שטיגן אין דרויסן, האָט זי אַרויסגעכאַפּט די פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון מײַן האַנט, און זי גיך באַהאַלטן אונטערן טישטעכל אויף דער קאָמאָדע.

לאַלעק איז אַרײַנגעפֿאַלן אין דער שטוב ווי אַ זאַווערוכע. באַלד האָט אַלץ אַרום געגומען וויברירן מיט הײַטערקייט און שפּאַנונג. ער האָט פֿריילעך אַ פּאַכע געטאָן צו מיר מיט דער האַנט און איז אַרײַנגעלאָפֿן אין שלאָפֿצימער זיך איבערטאָן. כ׳האָב אויסגעמיטן זיך צו באַגעגענען מיט עדזשעס בליק, דאָך האָב איך נישט געוואָלט, אַז זי זאָל אַרויסגיין פֿון צימער. לעבן מיר אויף דער סאָפֿע איז געלעגן אַ בוך מיטן נאָמען **עפּאָכעס אין כאַאָס**, פֿון אייגעם אַ וועליקאָווסקי.

„דו לייענסט דאָס ?״ — האָב איך אַ דערשטויגטע געפֿרעגט עדזשען.

עדזשע האָט אַ בייג געטאָן דאָס קעפּל צום אַקסל און זיך געמאַכט אויסזען ווי אַ תּם : „כ׳קוק בלויז איבער די בילדלעך״, — האָט זי זיך צעכיכיקעט.

מיט אַ משונהדיק געפֿיל פֿון ווידערווילן האָב איך זיך פֿאַרגומען צו צעבלעטערן דאָס בוך, ווי עדזשע האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און אַוועקגענומען דאָס בוך פֿון מיר. איך האָב באַמערקט אַ קליינעם באַנדאַזש אַרויסשטאַרצן פֿון אונטער איר אַרבל. פֿון העפֿלעכקייט וועגן האָב איך זי אַ פֿרעג געטאָן : „וואָס האָסטו דיר געטאָן ?״

„אוי, גאָרנישט, — האָט זי גיך אַריבערגעצויגן דעם אַרבל איבערן באַנדאַזש, און האָט צוגעגעבן אין אַ פֿליסטער, — ס׳איז לאַלעק...״

איך האָב אַנגעשפּיצט די ברעמען, גרייט זיך אַנצונעמען פֿאַר לאַלעקן : „וואָס מיינסטו ? — האָב איך שיִער נישט אויסגערופֿן אויף אַ קול, — לאַלעק שלאָגט דיך ?״

„חלילה ! — האָט זי מיך באַרויִקט. — לאַלעק וועט מיך אַנרירן ? וואָס פֿאַלט דיר אײַן ? ער איז דאָך די איידלקייט אַליין. דו האָסט דאָס שוין געדאַרפֿט וויסן. און ווי ער האָט זיך אויפֿגעפֿירט אין דער פּאַרטיזאַנקע, וועגן דעם קאָן מען דאָך ביכער אָנשרײַבן. ער איז צו באַשיידן צו רעדן דערפֿון. אָבער איך קען מײַן לאַלעקן, פֿאַרלאָז זיך אויף מיר. דאָס בין איך דער שלימזל. קאָנסט דאָך מיך. אויפֿגעשניטן מיר די האַנט מיטן שפּיגל, שטעל זיך פֿאָר. אַזאַ טבֿע האָב איך. טאָמער לאַלעק זאָגט מיר דאָס מינדסטע וואָרט, פֿאַרדרייט זיך מיר באַלד דער קאָפּ. אַזוי פֿיל יאָרן אָפּגעלעבט מיט אים, און כ׳האָב זיך נאָך אַלץ נישט צוגעוווינט צו זײַן הומאָר. אַז ער גיט מיך אַ רוף אָן מיט דעם באַליבטן קאָמישן צונאָמען, וואָס ער האָט פֿאַר מיר — ער רופֿט מיך הייליקע קונעגונדע — הייבט מיר באַלד אָן אַלץ צו פֿאַלן פֿון די הענט. פֿאַרשטייסט, כ׳האָב מיר געקאָמט די האָר פֿאַרן שפּיגל. ער האָט זיך געאײַלט אַרויסצוגיין און האָט געוואָלט, אַז איך זאָל אים אויספּרעסן די הויזן. האָט ער זיך געוויצלט מיט מיר און אויסגערופֿן : וואָס באַלעמוטשעסטו בײַם שפּיגל אומזיסט־אומגישט ? מיינסט, אַז דער שפּיגל וועט דיר עפּעס העלפֿן ? גאָרנישט קאָן שוין העלפֿן אַזאַ הייליקער קונעגונדע ווי דו. און ער איז דאָך כשר גערעכט. האָב איך טאַקע אַ וואָרף געטאָן דעם קאָם, אַזוי אומגעלומפּערט... גלײַך מיט דער האַנט אין שפּיגל אַרײַן. געווען אַ געשפּאָלטענער שפּיגל, איז ער זיך צעפֿאַלן״.



גאָר באַזונדערש האָט זיך אײַנגעקריצט אין מײַן זכּרון יענער „היסטאָרישער״

פֿאַרנאַכט פֿון מײַן געבוירן־טאָג, ווען וועלכן לאָלעק האָט צום ערשטן מאָל פֿאַרגעסן. זײַן פּאַסיע פֿאַר מיר האָט, ווײַזט אויס, צו יענער צײַט זיך אָנגעהויבן אָפּצוקילן, וועגן וואָס איך האָב דעמאָלט קיין אָנונג נישט געהאַט. יענעם אָוונט האָב איך בשום־אופֿן נישט געקאָנט פֿאַרבלײַבן אַליין אין שטוב, און האָב באַשלאָסן צו פּראַווען מײַן פֿלומרשטן יום־טובֿ מיט אַ וויזיט בײַ עדזשען און לאָלעקן. כ׳האָב באַנײַט אַ ווײַס זומערקליידל און האָב מיטגענומען אַ באָמבאָניערע, הגם אָט דעם טאָג איז מיר געקומען באַשענקט צו ווערן מיט מתּנות.

לאָלעק איז נאָך נישט געווען אין דער היים. עדזשע האָט גענומען די באָמבאָניערע פֿון מיר און זי אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש: „לאָלעק וועט דיר שיין באַדאַנקען פֿאַר איר. ער איז אַ נאַשער, ווי דו ווייסט", — האָט זי געזאָגט, האָט מיך געלאָזט זיצן אויף דער סאָפֿע, איז אַרײַן אין קיך, און זיך מער פֿאַר מיר נישט באַוויזן. איך האָב אָנגעהויבן אַ ביסל מיד צו ווערן פֿון וואַרטן אויף לאָלעקן, אָבער דער עיקר האָב איך געפֿילט ווי עפּעס ציט מיך צו עדזשען יענעם טאָג. אין מײַן זכּרון האָב איך דעם טאָג געהאַט אַדורכגעבלעטערט מײַנע געבוירן־טעג אין די קינדער־יאָרן, און עס האָט מיך אויך געדרודפֿט די דערמאָנונג פֿון מײַן געבוירן־טאָג אין קאַצעט. איך האָב זיך אויפֿגעשטעלט פֿון דער סאָפֿע און בין צוגעגאַנגען צו דער קיכטיר. כ׳האָב דערזען עדזשען שטיין פֿאַר אַ ווענדל מיט וואַסער. דערלעבן, אויפֿן טיש, איז געלעגן אַ בלאַנקנדיק מעסער און אַ גרויסער קילעריב, וואָס האָט מיך צו גלײַך דערמאָנט די געטאָ־טעג, ווען קילעריב איז געווען דער וויכטיקסטער טייל פֿון אונדזער דיעטע, און אָן אַלבערט דעם מאָנסטערס גרויען אָפּראַזירטן קאָפּ.

„ס׳איז הײַנט מײַן געבוירן־טאָג", — האָב איך אַ זאָג געטאָן צו עדזשען.

„אוי, וואָס דו זאָגסט! — האָט זי אויסגערופֿן, גיך זיך אָפּגעווישט די הענט אין קלייד, און דערלאַנגענדיק מיר אַ פּײַכט הענטל, האָט זי זיך צעקושט מיט מיר. — איך ווינטש דיר דאָס אַלץ, וואָס דו ווינטשט זיך אַליין". — זי האָט מיך אַזוי צוגעפּרעסט צו זיך, אַז איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז זי וואָלט מיך גערן דערשטיקט.

כ׳האָב זיך באַפֿרײַט פֿון אירע אָרעמס, און זי אַ פֿרעג געטאָן: „וואָס וואַשסטו עפּעס די וועש מיט די הענט און נישט אין דער וואַשמאַשין?"

זי האָט זיך צעכיכיקעט: „דאָס איז דאָך נישט סתּם קיין וועש. דאָס זײַנען לאָלעקס העמדער. לאָלעק האָט ליב, אַז איך זאָל אַליין וואַשן זײַנע העמדער, מיט מײַנע אייגענע הענט. אָט דאָס העמד, — זי האָט אַרויסגעצויגן אַ טריפֿנדיק העמד פֿונעם ווענדל און עס מיר געוויזן — אָט דאָס העמד וואַש איך שוין צום דריטן מאָל. ס׳איז אים נישט געפֿעלן ווי אַזוי איך האָב אויסגעריבן די פֿלעקן פֿון דער שמינקע".

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עדזשע וועט אָט באַלד אַ כאַפּ טאָן צו מיר דאָס מעסער, וואָס איז געלעגן דערלעבן אויפֿן טיש. כ׳בין אַרויס פֿון דער קיך און צוריקגעגאַנגען צו דער סאָפֿע אין אויפֿנעם־צימער. עדזשע איז מיר נאָכגעגאַנגען אָנעם מעסער. זי האָט זיך געווישט די הענט אין אַ קליין האַנטעכל.

„איך בין דיר אַזוי דאַנקבאַר — האָט זי צו מיר אַ שעפּטשע געטאָן או, געמאַכט אַ קליינע פּויזע, ווי עס וואָלט איר פֿאַרפֿעלט לופֿט צו ענדיקן דעם זאַץ — דאַנקבאַר פֿאַר דעם וואָס דו טוסט פֿאַר לאָלעקן. זײַ געדולדיק מיט אים. צו מענטשן ווי ער דאַרף מען זיך באַנעמען מיט אַ סך געדולד. ער וועט באַלד דאָ זײַן און דיר אויך אָפּווינטשן אַ גליקלעכן געבוירן־טאָג. איך פֿערזענלעך פּראַווע נישט קיין געבוירן־טעג. פֿאַראַן

אַזוי פֿיל דאָטעס פֿון מײַן געבוירן־ווערן, אַז עס איז שוין צו פֿיל. דו ביסט געווען די הייבאַם בײַ אײַנעם פֿון מײַנע געבורטן, כ׳מיין ווידערגעבורטן, אמת, רעלאַ?״ זי האָט געגלאָצט אויפֿן שוואַרצן קאָטער, וואָס האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן אירע פֿיס, ווי זי וואָלט אים דאָס געפֿרעגט, נישט מיך. דערנאָך האָט זי מיט דער גאָמבע אַ ווײַז געטאָן צום פֿענצטער, דורך וועלכן מען האָט געקאָנט זען דעם צלם אויפֿן שפּיץ פֿון באַרג. אַן אָנגעצונדענער, אויסגעפֿורעמט פֿון עלעקטרישע לאָמפּן, האָט ער אַרײַנגעשײַנט אין צימער דורכן גראַנאַטענעם אָונטיקן טונקל:

„זעסט דעם צלם דאָרטן? שיין, האַ? נאָר מיר דאַכט זיך, אַז עס פֿעלט אים עפּעס. טרעף וואָס״.

„אַ יעזוס!״ — האָב איך אויסגערופֿן און זיך קרום צעלאַכט.

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קעפּל.

„יאָ, אַ יעזוס. יעדער צלם מוז האָבן זײַן יעזוס, און יעדער יעזוס מוז האָבן זײַן צלם. פֿאַרשטייסט, רעלאַ? דער צלם איז די שאלה און דער יעזוס איז די תּשובֿה. איך רעד זיך אײַן, אַז איך בין אויך אַזאַ צלם און איך טראָג אויף זיך אַ יעזוס״.

כ׳האָב זי פֿרעגנדיק אָנגעקוקט. האָט זי טאַקע געמיינט אָט דאָס וואָס מיר האָט אויסגעזען אַז זי מיינט? אָבער ווי האָט זי, אין איר אַנדערוועלטיקייט, געקאָנט וויסן וועגן לאָלעקס נשמה־יסורים? איך האָב ווײַטער געלאַכט מײַן קרום געלעכטער.

„גלייב מיר, ס׳איז נישט צום לאַכן, — האָט זי געשאָקלט מיטן קעפּל און צוגעלייגט אַ האַנט צום בוזעם. — איך קען לאָלעקס גוטסקייט, זײַן האַרציקייט. דאָס העמד וואָלט ער פֿון זיך אַראָפּגענומען פֿאַר דיר, פֿאַר זײַנע פֿרײַנד, און פֿאַר דער גאַנצער מענטשהייט״.

„אָבער דער עיקר פֿאַר דיר״, — האָב איך זיך דערוועגט איר אַ לײַכטן שטאָך צו געבן.

„אַוודאי, דער עיקר פֿאַר מיר. פֿאַר מיר נעמט ער אַראָפּ פֿון זיך דאָס העמד, כּדי איך זאָל עס אים אויסוואַשן. ער ווייסט ווי ליב איך האָב צו וואַשן זײַנע העמדער. ער מאַכט מיך ממש גליקלעך, וואָס ער האָט מיך אויסדערוויילט דאָס צו טאָן פֿאַר אים. נאָך אַזאַ גוטן מענטש ווי לאָלעק קאָן מען זוכן מיט ליכט, און מען וועט נישט געפֿינען. ממש אַ יעזוס!״

איר קול האָט געקלונגען אַזוי אויפֿריכטיק, אַז דאָס געלעכטער איז מיר איבערגעהאַקט געוואָרן. אַ שוידערל איז מיר אַדורך דורכן רוקן און אַ פּחד איז מיך באַפֿאַלן, אַז אָט גלײַך וועט זי זיך גענעמען אויסצוליבן אויך מײַן גוטסקייט צו איר.



שפּעטער אַרײַן, ווען כ׳בין אַראָפּ אין גאַס מיט לאָלעקן, האָט ער זיך גענומען קלאָגן פֿאַר מיר, אַז עדזשע איז דער הויפּט־גורם פֿון זײַנע דעפּרעסיעס, אַז עפּעס איז זייער נישט אין אָרדענונג מיט איר, סײַ פֿיזיש, סײַ פּסיכיש. אַז זי איז צעחושט, פֿאַרטראָגן אין אַנדערע וועלטן, אַז זי רעדט צום קאָטער ווי ער וואָלט געווען אַ מענטש, אירס אַ פֿרײַנד און אַ שונא גלײַכצײַטיק. זי קאָפּעט אים און צערטלט אים, לאַכט צו אים און באַוויינט אים. ער האָט געזאָגט, אַז ער, לאָלעק, האָט נישט קיין בשותּפֿותדיק לשון מיט איר. אַז זי לעבט מיטן גײַסט אין 19טן יאָרהונדערט, לייענט טאָלסטויס ביכער נאָך אַ מאָל און איבער אַ מאָל, און וויינט און קלאָגט איבער דאָסטאָיעווסקיס באַוואָלטע און דערנידעריקטע טיפּן. און אַז אויב ער, לאָלעק, עסט נישט קיין אָונשברויט אין דער

היים, קומט זי אָפּ איר מאָלצייט מיט אַ קילעריב, ווי זי וואָלט געווען אין געטאָ, און אָפּט מאָל מיט דעם אויך נישט. אויב זי קומט נישט אין דער פאַבריק טאָן אַ ביסל אַרבעט, זעט זי נישט קיין מענטש פאַר די אויגן און גייט נישט אַרויס אויף דער לופט. נישט קיין וווּנדער וואָס זי קרענקט כּסדר און דער קאָפּ אַרבעט נישט ביי איר.

„זי קאָן אָפּזיצן שעהען בײַם פענצטער און זיך גאַפן אויפן באַרג מיטן צלם, — האָט לאָלעק זיך געקלאָגט פאַר מיר. — אַז איך פרעג זי וועגן וואָס זי חלומט, ענטפערט זי מיר, אַז זי חלומט פון אַ צײַט, ווען אַלע יעזוסעס וועלן אַראָפּ פון די צלמים, וועלן ווערן אַסטראָנויטן און זיך אַוועקציִען אויף די אַנדערע פּלאַנעטן. ווײַל דאָ, אויף דער ערד, פּאַסן זיי זיך שלעכט אַרײַן, אַז נישט־ווילנדיק, טוען זיי אָפּ גרויסע שאָדנס, און אַז דערפאַר מאַכט מען זיי פאַר געטער. און נאָך אַזעלכע אידיאָטיזמען. און ווי זי זעט אויס, און ווי זי קליידט זיך זעסטו דאָך אַליין. איך ווייס, אַז דאָס אַלץ איז אַן איבערבלײַב פון דעם קאַצעט ביי איר. און נישט אַז איך באַהאַנדל זי מיט אומגעדולד גערנווויליק. אָבער אַז אַ מענטש פירט זיך אויף ווי אַ וואָרעם... ווי אַ מאַרטירערין זעט זי אויס... מיט איר הייליק־קוּנעגוּנדע פּנימל און די מויזיש־דערשראָקענע אויגן אירע".

„אפשר ווען זי וואָלט געהאַט אַ קינד, וואָלט זי גיכער געקומען צו זיך", — האָב איך אומזיכער באַמערקט.

„וואָס רעדסטו, רעלאַ? — האָט לאָלעק מיך אָנגעקוקט מיט פאַרוואָרף. — זי איז דאָך אַליין נאָך ערגער פון אַ קינד, נאָך מער אומבאַהאָלפן. מיט יאָרן צוריק האָט זי מיך געפּלעגט פּײַניקן וועגן האָבן אַ קינד. האָב איך איר אָפּן געזאָגט: פריִער וועד דו אַליין אַ מענטש! פאַרשטייסט, רעלאַ, איך וואָלט זיך נישט געקאָנט מוחל זײַן ווען דאָס וואָלט געשען. איך וויל נישט האָבן דאָס לעבן פון אַ קינד אויף מײַן געוויסן. צום גליק רעדט זי נישט מער דערוועגן. אָבער סײַ ווי האָב איך דאָס געפיל, אַז איך באַהאַנדל זי נישט גענוג גוט".

„דו באַהאַנדלסט זי זייער גוט, — האָב איך לאָלעקן פאַרטיידיקט קעגן אים אַליין. — איך זע דאָך מיט וויפל איידלקייט דו באַנעמסט זיך צו איר. איך באַוווּנדער דײַן געדולד און דײַן זאָרג וועגן איר. און דער פאַקט אַליין, וואָס דו פאַרלאָזסט זי נישט... ביסט זיך דאָך מקריב פאַר איר".

ער האָט מיר אַ דאַנקבאַרער געקושט די הענט מיט קאַלטע טרוקענע ליפּן. דערנאָך איז ער אָנגעגאַנגען מיט די רייד:

„דו ווייסט גאַרנישט וואָס פאַר אַ טאַלאַנט די צעבראָכענע מענטשן האָבן, צו דערוועקן אַ שולדגעפיל אין זייערע נאָענטע. און גלייב מיר, פון אָט דער שולד וואָלט איך אַנטלאָפן ווו די אויגן טראָגן — לאָלעק, ייִנגליש־פאַרלוירן, האָט טרויעריק אויפגעשמייכלט. — נאָר פון דער שולד קאָן מען דען אַנטלויפן? קאָן מען אַנטלויפן פון זיך?"

איך האָב דערפילט אַ שטאָך אין מײַן האַרצן. איך האָב זיך אָנגעטאָן אַ כּוח נישט צו טראַכטן וועגן זיך, נאָר זיך צו קאָנצענטרירן אויף לאָלעקן; דאָס איז געווען ווינציקער פײַנלעך.

„דו האָסט נישט קיין שום סיבה זיך צו פילן שולדיק, — האָב איך אים געפּרוווט באַרויִקן. — דו זאָגסט דאָך אַליין, און מיט רעכט, אַז דאָס אַלץ איז די שולד פון קאַצעט. דאָס האָט ער אַזוי צעבראָכן עדזשען, נישט דו. פאַרקערט. דו דערהאַלטסט זי בײַם לעבן".

▢

אַט דעם אָוונט איז לאַלעק געווען אַזוי ערנצט, אַזוי אַריַינגעטאָן אין זײַן עקסיסטענציעלן צער, אַז איך האָב אויפֿגעגעבן דעם אײַנפֿאַל וואָס איך האָב געהאַט, זיך אַרײַנצוכאַפּן מיט אים אין אַ נאַכטלאָקאַל און דאָרט פֿראַווען מײַן געבוירן־טאָג מיט אים. אַנשטאָט דעם, זײַנען מיר אַרויפֿגעפֿאָרן אויפֿן מאָנט־ראָיאַל־באַרג זיך אַדורכצושפּאַצירן אַרום דער אָזערע און אין וואַלד. די לופֿט איז געווען אָנגענעם, מילד־גלעטנדיק. ס׳איז געווען שפּעט יוני. איינער פֿון די ערשטע אמתע זומער־אָוונטן. אָבער אונדזערע געמיטער זײַנען נישט געווען קיין זומערדיקע. לאַלעקס יִיאוש איז געווען אַנשטעקנדיק. ס׳איז מיר איבערגעגאַנגען דאָס האַרץ מיט רחמנות אויף אים, יאָ, אויף אים — נישט אויף עדזשען. פֿאַר איר האָב איך געהאַט אַ געפֿיל פֿון קינאה געמישט מיט ביטול. איר גַעבעכדיקייט האָט מיך סײַ צופֿרידן געשטעלט, סײַ אויפֿגערעגט. און וואָס איך האָב איר נישט געקאָנט מוחל זײַן איז געווען דעם כּוח וואָס זי האָט געהאַט איבער לאַלעקן, אַט די ברוטאַלע מאַכט פֿון איר שוואַכקייט.

איך האָב לאַנג אַרײַנגעטראַכט אין לאַלעקס מצבֿ, און בין לסוף אַרויסגעקומען מיט דער מסקנא: „פֿאַר דיר, — האָב איך אַ זאָג געטאָן צו לאַלעקן, — וואָלט זיכער געזינטער געווען, אַז דו זאָלסט אַוועק פֿון איר. קיין שום מענטש האָט נישט קיין רעכט צו פֿאַרסמען דאָס לעבן פֿון אַ צווייטן מענטשן. זי מאַכט דאָך אַ תּל פֿון דיר. כ׳זע דאָס בפֿירוש. זי האַקט דיר אונטער די פֿליגל. וועסט סוף־כּל־סוף פֿאַרלירן דײַן לעבנספֿרייד, דײַן וויטאַליטעט, דײַן אינטערעס אין לעבן. זי קאָן דיך, חלילה, אומברענגען".

לאַלעק האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

„כ׳בין אַ פּחדן. כ׳וויל זי נישט האָבן אויפֿן געוויסן. זי וועט דאָך קיין איין טאָג נישט אויסהאַלטן אָן מיר. זי איז מײַן הויקער, פֿאַרשטייסטו מיך, און איך מוז אים טראָגן".

„און דאָס רופֿסטו אָן פּחדנות? — האָב איך אויסגערופֿן אין אַ טאָן פֿון אויפֿריכטיקער באַוווּנדערונג — איך האָב נישט קיין ווערטער..."

איך האָב געקוקט לאַלעקן אינעם ליכט פֿון די אַנגעצונדענע לאַמטערנעס אויפֿן באַרג, געקוקט אים מיט מער צערטלעכקייט ווי ווען נישט איז פֿריער, הגם זײַנע ליפּן זײַנען געבליבן טרוקן און קאַלט. מיר זײַנען געשטאַנען אונטערן באַלויכטענעם צלם אויפֿן שפּיץ באַרג. כ׳האָב געקוקט אויף לאַלעקס בלייך לײַדנדיק פּנים אין שײַן פֿון די אָנגעצונדענע לעמפּ, וואָס האָבן ווי פֿליסיק גאָלד אויסגעפֿורעמט דעם צלם. איך בין גרייט געווען זיך אים אָפּצוגעבן, גלײַך דאָרטן אויבן, אינעם טונקעלן שאָטן, וואָס דער צלם האָט געוואָרפֿן אויף די בלויע קוסטעס. זײַנע נשמה־יסורים האָבן מער ווי תּמיד צעזידט אין מײַנע אָדערן דעם פֿאַרלאַנג צו זײַן מיט אים.

סוף־כּל־סוף איז מיר געראָטן אים איבערצורעדן, אַז מיר זאָלן אַוועק אין מײַן אַפּאַרטמענט — ווי זײַנס אַ מתּנה פֿאַר מיר צו דעם דאָזיקן ספּעציעלן אָוונט. איך האָב זיך געפֿילט שפּל אָנצוקומען צו אַט דעם אַרגומענט, בעת מיט אַ צײַט צוריק איז ער געווען אַזוי אײַפֿערדיק צו פֿאַרברענגען אָן אָוונט בײַ מיר. אָבער אויף אַ באַשטימטן אופֿן האָב איך געהאַט פֿאַרגעניגן פֿון מײַן דערנידעריקונג. דאָס האָט מיר געהאָלפֿן צו מאָבילירן אַלע מײַנע ווײַבלעכע חנען. אַ דאַנק זיי האָב איך אַפֿילו באַוויזן אים איבערצורעדן, אַז ער זאָל פֿאַרבלײַבן בײַ מיר די גאַנצע נאַכט! דאָס איז געווען איינע פֿון די שענסטע נעכט אין מײַן לעבן. ווײַל אויב איך בין נאָך אַלץ מקנא געווען די חתונה־געהאַטע פֿרויען, איז דאָס געווען נאָר צוליב דעם, וואָס זיי שלאָפֿן אַדורך די

נעכט לעבן דעם וואַרעמען גוף פֿון אַ מאַן. נישט געקוקט דערויף וואָס איך האָב שוין אַזוי פֿיל יאָרן געהאַט אָפּגעלעבט אַליין, איז מיך נאָך אַלץ באַפֿאַלן אַ מוראדיקע עלנט יעדער נאַכט, ווען כ'בין געלעגן אַליין אין ליידיקן בעט. ווײַזט אויס, אַז פּונקט ווי היפּאָכאָנדריע — איז דער פֿאַרלאַנג צו זײַן מיטן אַנדערן, אַ חלאַת וואָס לאָזט זיך נישט אויסהיילן.

אין אָנהייב פֿון אָט דער נאַכט מיט לאָלעקן, האָב איך געהאַט אויפֿבליצן פֿון ווידיעס, אין וועלכע איך האָב געזען עדזשען ליגן אַליין אין איר בעט, פּונקט אַזוי ווי איך פֿלעג דאָס תּמיד ליגן. אָבער דערנאָך האָב איך געהאַט דאָס געפֿיל, אַז זי איז נישט אַליין, אַז זי איז גאָר צוזאַמען מיט מיר און מיט לאָלעקן, אַרומגעהאַלדזט אין אַ ייִאושדיקער נאָענטקייט.

אין דער פֿרי, נאָך דעם ווי איך האָב הײַטער אָפּגעפּלאַפּלט בערך אַ שעה בײַם פֿרישטיק — און לאָלעק איז געזעסן קעגן איבער מיר, שלעפֿעריק און עפּעס ווי צעטומלט, האָט ער לסוף געמוזט מיך פֿאַרלאָזן און אַרויס זיך באַגעגענען מיט דער האַרבער רעאַליטעט פֿון לעבן. ער איז אַוועק אהיים זיך איבערטאָן צו דער אַרבעט. נישט לאַנג נאָך זײַן אַוועקגיין, האָט עדזשע צו מיר אָנגעקלונגען. איר קול האָט געסקריפּעט הייזעריק, אימהדיק.

„איז לאָלעק אָל־רײַט?“ — האָט זי מיך געפֿרעגט.

„וואָס פֿרעגסטו עפּעס צי ער איז אָל־רײַט?“ — האָב איך זי צוריקגעפֿרעגט, כּדי צו געווינען צײַט און באַשליסן וואָס איר צו זאָגן. דאָס טרײַבל אין מײַן האַנט האָט געוויגן אַ טאָן.

„ווײַל איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז ער איז בײַ דיר, — איז עדזשע אָנגעגאַנגען — ס'איז דאָס ערשטע מאָל וואָס ער קומט נישט אַהיים שלאָפֿן. כ'האָב אים די גאַנצע נאַכט אויסגעקוקט דורכן פֿענצטער. און טעלעפֿאָנירט האָט ער אויך נישט. האָב איך אָנגעהויבן איבערצוקלערן, צי עפּעס איז נישט, חלילה, געשען מיט אים“. פּלוצעם האָט זי אויסגערופֿן מיט אַן איבערגעטריבענער קינדישער הײַטערקייט: „אָט איז ער נאָר וואָס אַרײַנגעקומען! טרעף מיט וועמען איך רעד דאָ אויפֿן טעלעפֿאָן, לאָלעק טײַערער!“ — האָב איך דערהערט ווי זי רופֿט אויס. דערנאָך האָט זי אַרײַנגעשריגן אין טרײַבל: „כ'מוז אויפֿהענגען. ער לאָזט מיך נישט רעדן צו דיר. ר'זאָגט, אַז דו ביסט אַ שאַפֿערישער פּראָדוקטיווער מענטש, און דו אײַלסט זיך צו דער אַרבעט“. — זי האָט אויפֿגעהאָנגען דאָס טרײַבל.

ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען דעם זעלביקן טאָג, שפּעט אין אָוונט, האָט עדזשע נאָך אַ מאָל אָנגעקלונגען צו מיר.

„לאָלעק האָט געהייסן, — האָט זי געקרעכצט, — אַז איך זאָל דיך פֿאַרבעטן צו אונדז אויף פֿרישטיק מאָרגן. מאָרגן איז שבת. ער הייסט דיר זאָגן, אַז דו מוזסט אומבאַדינגט קומען מאָרגן אין דער פֿרי עסן צוזאַמען מיט אונדז“.

„וואָס הייסט? — האָב איך אויך אָנגעהויבן אונטערצושטאַמלען. — וואָס... וואָס עפּעס? און פֿאַר וואָס קומט ער נישט אַליין צו צום טעלעפֿאָן?“

„ער זאָגט, אַז ער איז אין אַ שלעכטער שטימונג. אַ דעפּרעסיע... און... און ער וויל, אַז דאָס זאָל איך דיך פֿאַרבעטן, כּדי צו באַווײַזן, אַז איך בין נישט ברוגז אויף אים, און נישט אויף דיר. טאָ פֿאַרבעט איך דיך טאַקע“.

איך האָב פֿאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט. לאָלעק האָט זיך געניייטיקט אין אָט

דעם זשעסט מצד מיר. האָב איך באַקומען מײַן אומבאַקוועמלעכקייט אין האַרצן, און בין אויף מאָרגן אין דער פֿרי אַוועק עסן פֿרישטיק מיט זיי.

ווען מיר האָבן זיך געזעצט צום טיש בײַ עדזשען און לאַלעקן אין קיך, האָט לאַלעק ביז גאָר פֿרײַנדלעך געהייסן עדזשען צוגרייטן אַ הייס גלאָז שאָקאָלאַד־מילך פֿאַר מיר. איך האָב געטרונקען שאָקאָלאַד־מילך יעדן שבת אין דער פֿרי. עדזשע האָט אויך געהאַט צוגעגרייט מײַן באַליבטן שבתדיקן פֿרישטיק: פֿײַנקוכנס מיט מייפּל־סיראָפּ. לאַלעק האָט מיך געלויבט פֿאַר עדזשען, אַז איך דאַרף נישט ציילן קיין קאַלאָריעס, ווײַל איך בין אַ פּראָדוקטיווער שאַפֿערישער מענטש; איך פֿאַרברען קאַלאָריעס מיט מײַן ענערגיע, מיט מײַן אויפֿטועריקייט.

די פֿײַנקוכנס האָבן געהאַט אַ מעדנימדיקן טעם. מ'האָט געקאָנט זאָגן אויף עדזשען וואָס מען האָט געוואָלט, אָבער נישט, אַז זי האָט פֿאַרגרייט מאכלים אָן געשמאַק. ווי געווייַנטלעך, האָט מיר ערגעץ אין קאָפּ געדויעט אַ חשד, אַז עדזשע האָט אַרײַנגעטאָן סם אין די פֿײַנקוכנס. דערצו האָט זי אויסגעזען אַזוי שוידערלעך אין דעם פּאָפּלאָטן שלאָפֿראָק אירן, מיטן בלוי־בלייכן פּנים און די קליינע מויזישע אייגלעך מיט רויטע ראַנדן, אַז דער אַפּעטיט איז מיר שיִער נישט פֿאַרגאַנגען.



אָט דער זומער איז פֿאַרלאָפֿן ווי אַ חלום. אַ װוּנדערלעכע פֿריידיקע צײַט געוועזן. דערנאָך איז געקומען דער לאַנגער גאָלדענער האַרבסט. כ'האָב זיך געפֿילט אויסגעצייכנט. די לופֿט צווישן מיר און לאַלעקן האָט וויברירט שיִער נישט מיט ערבֿ ליבע, לכל־הפּחות מצד מיר. איך האָב פֿאַרויסגעקוקט צום אינטערעסאַנטן ווינטער־סעזאָן. לאַלעק האָט זיך שוין בײַ צײַטנס געהאַט געפֿעדערט און פֿאַרשאַפֿן טעאַטער־בילעטן פֿאַר אונדזער חבֿרה, כּדי מיר זאָלן אַלע זיצן צוזאַמען און האָבן גוטע פּלעצער.

דער ווינטער האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ סעריע שניישטורעמס, נאָך וועלכע עס איז באַכּגעקומען אַן אכזריותדיקע פֿראָסטכוואַליע. די טרעפּ אין אַזעלכע הײַזער ווי בײַ לאַלעקן און עדזשען דאַרף מען רעגולער רייניקן פֿון פֿאַרקאָוועטן אײַז און שניי. אַפֿילו ווען זיי זײַנען אָפּגערייניקט, טאָר מען איבער זיי נישט לויפֿן, ווײַל זיי זײַנען זייער גליטשיק, און אָנהאַלטן זיך בײַם פּאַרענטש איז זיכער אָנגעוויזן. אָבער לאַלעק, ווען ער איז געווען מיט מיר, און אויך אין דער געזעלשאַפֿט פֿון אַנדערע פֿרויען, האָט געפֿלעגט אַראָפּלויפֿן, ממש אַראָפּפֿליִען פֿון די שטיגן, אַזוי זגראַבנע, אַז אַפֿילו די קינדער פֿון גאַס האָבן געגאַפֿט.

אַזוי איז געשען דאָס אומגליק.

לאַלעק האָט זיך אויסגעגליטשט בײַם אַראָפּלויפֿן די שטיגן — גראָד נישט פֿון זײַן אייגענעם הויז, נאָר אַ הויז אין אַלטשטאָט בײַם פּאָרט. אפֿשר האָט ער דאָרטן עמעצן געהאַט. ער איז געפֿאַלן מיטן קאָפּ אויפֿן אײַזן פֿון פּאַרענטש מיט אַזאַ כּוח, אַז ער האָט באַקומען אַ בלוטאויסגאָס. ווײַזט אויס, אַז מען האָט אים שוין געהאַט צוגערויבט דעם פּאָרטפֿעל, ווײַל ער האָט נישט געהאַט קיין שום דאָקומענטן בײַ זיך. ס'האָט גענומען דרײַסיק שעה ביז מען האָט פֿעסטגעשטעלט זײַן אידענטיטעט.

נאָך דעם ווי לאַלעק איז נישט געהאַט אַהיים געקומען שלאָפֿן בײַ נאַכט, האָט עדזשע מיר אין דער פֿרי אָנגעקלונגען, צו פֿרעגן ווי לאַלעק פֿילט זיך. דערשטוינט און טיף־געטראָפֿן, האָב איך איר געזאָגט דעם אמת, אַז איך ווייס נישט און האָב אים נישט געזען. ווען זי האָט אָנגעהויבן צו איקען און קרעכצן און טענהן, אַז דאָס האַרץ זאָגט

איר אַן שלעכטע בשורות, האָב איך זי געפּרווט באַרויִקן און דערנאָך פֿאַרלוירן דאָס געדולד, און האָב אויפֿגעהאָנגען דאָס טרײַבל. איך בין אַליין געווען שטאַרק צעטומלט. אין אָנהייב האָב איך געטראַכט, אַז עפּעס האָט טאַקע פּאַסירט מיט לאַלעקן, אַזוי האָט עדזשע מיך געהאַט באַווירקט מיט איר מרה־שחורה. דערנאָך האָב איך זיך באַרויִקט. עס האָט גאָרנישט געקאָנט האָבן געשען מיט לאָלעקן, האָב איך צו זיך געזאָגט, אַחוץ איין זאַך: ער האָט פֿאַרבראַכט די נאַכט מיט אַן אַנדערער פֿרוי. דאָס זײַנען אויך נישט געווען קיין איבעריק פֿריילעכע מחשבֿות. סוף־כּל־סוף זײַנען דער פֿאַרלאָפֿענער זומער און דער האַרבסט געווען פֿון אַ באַזונדערן נשמהדיקן באַטײַט פֿאַר מיר, געווען אַ צײַט ווען מײַן ליבע צו אים האָט אָנגעהויבן צו געדײַען. זײַן נעלם ווערן די פֿאַרגאַנגענע נאַכט איז געווען אַ באַווײַז, אַז ער האָט מיך נישט גענומען ערנצט, און איז נישט געווען אויפֿריכטיק מיט מיר. איך האָב זיך דערמאָנט וואָס פּאַוועל האָט מיר דערציילט וועגן לאָלעקן און זײַן אָפּגעגאַרן די וועלט מיט דעם ליגן, אַז ער, לאָלעק, איז געווען אַ פּאַרטיזאַנער. אַ מענטש וואָס איז געווען פֿאַלש אויף איין געביט, איז פֿאַר מיר אומגעריכט קלאָר געוואָרן, האָט געקאָנט זײַן פּונקט אַזוי נישט־ערלעך אויף אַן אַנדערן געביט.

כ׳האָב דעם גאַנצן טאָג נישט געלאָזט הערן פֿון זיך. כ׳האָב נישט אָנגעקלונגען צו לאָלעקן און עדזשען. ערשט אויף צו מאָרגנס, האָט סילוויאַ, פּאַוועלס פֿרוי, מיר טעלעפֿאָנירט און איבערגעגעבן די בשורה פֿון לאָלעקס טויט, צוזאַמען מיט אַלע שוידערלעכע פּרטים.

אונדזער גרופּע פֿרײַנד איז געווען אין אַ שאָק. די נשמה פֿון דעם קליינעם משפּחהדיקן קרײַז אונדזערן איז אויסגעלאָשן געוואָרן. לאָלעק, דער פֿולער מיט לעבן, מיט נײַגער, מיט שפּילעוודיקייט, דער פֿולער מיט אידעען און אידעאַליזם, דער אַזוי הונגעריקער נאָך פֿרייד און פֿאַרגעניגן, איז מער נישט געווען. שווער געווען שלום צו מאַכן מיטן פּסק־דין. מיר האָבן זיך געפֿילט פֿאַריתומט, פֿאַראָבלט. און וואָס די אַנדערע פֿרײַנד האָבן געפֿילט, האָב איך דאָס געפֿילט פֿאַרטאָפּלט, פֿאַרפֿילפֿאַכט. אין לאָלעקס אַוועקגיין פֿון דער וועלט האָב איך געזען אַ להכעיסדיק שפּיצל פֿון מײַן גורל. לאָלעק, נישט־ערלעך און פֿאַלש ווי ער איז געווען, איז געווען אַ ליכט אין מײַן לעבן. ניין, איך האָב נישט דערגרייכט אים אמתדיק ליב צו האָבן — דאָס איז געווען נאָך אַ באַווײַז, אַז דער קאַצעט האָט בײַ מיר אויף תּמיד צוגערויבט די פֿעיִקייט ליב צו האָבן. אָבער איך האָב שטאַרק געוואָלט אים ליבֿ האָבן. איך האָב געפֿונען פֿאַרגעניגן אַפֿילו אין דעם אָנשטעל פֿון זײַן פֿאַרליבט אין אים. איצט האָט אין דעם תּהום פֿון מײַן עלנט זיך געעפֿנט נאָך אַ טיפֿערער תּהום, און אַ פֿינצטערניש האָט מיך אײַנגעשלונגען.

□

במשך פֿון די דאָזיקע טעג פֿון אַבֿלות האָבן מיר זיך אַלע שטאַרק געזאָרגט וועגן עדזשען. מיר האָבן מורא געהאַט, אַז זי וועט אין גאַנצן צוזאַמענברעכן. ווי וועט זי קאָנען לעבן אָן לאָלעקן? זי האָט דאָך אים פֿאַרגעטערט. און ווי וועט זי זיך אַן עצה געבן? זי האָט זיך דאָך נישט געקאָנט קיין ריר טאָן אָן אים. זי האָט דאָך געלעבט אויף דער לבֿנה. און פֿיזיש איז זי אויך נישט געווען קיין וואַזשנער ריז.

אָבער נאָך אַ צײַט, ווי עס געשעט געוויינטלעך, האָט חבֿרה ביסלעכווײַז אויפֿגעהערט אַזוי אָפֿט קומען צו איר און איר צו קלינגען. זי האָט אויך נישט געלאָזט הערן פֿון זיך. אַנדערע ערנצטע געשעענישן אין דעם צי אין אַן אַנדערנס לעבן האָבן

זיך אַרויסגערוקט אויבן אָן און דער קאָנטאַקט מיט עדזשען איז לגמרי איבערגעריסן געוואָרן. די חבֿרה האָט דאָס קוים באַמערקט. פּונקט ווי מען האָט אַ מאָל נישט געהאַט באַמערקט איר ממשותדיק דאָזייַן, האָט מען איצט נישט באַמערקט איר נישט־דאָזייַן. סײַ ווי וואָלט זי זיך, אָן לאַלעקן, נישט אַרײַנגעפּאַסט אין דער גרופּע.

וואָס שייך מיר, האָב איך יאָ געדענקט וועגן איר, שטאַרק געדענקט, און האָב אַפֿילו אויף אַ משונהדיקן אופֿן אָנגעהויבן צו בענקען צו איר, אַפֿילו מער ווי צו לאַלעקן. טיף אין האַרצן איז בײַ מיר אויפֿגעגאַנגען אַ צופֿרידנקייט, וואָס עדזשע, דער לעבעדיקער באַווײַז פֿון מײַן פּינטעלע־מענטש, איז דאָ אויף דער וועלט, און אַז דאָס אומגליק האָט געטראָפֿן נישט מיט איר, נאָר מיט לאַלעקן. מער ווי איין מאָל האָב איך געהאַט אַ שטאַרקן אימפּולס זיך אַרויפֿצוכאַפּן צו איר אין שטוב. אָבער צוליב מײַנע נעוראָזעס, האָב איך נישט געקאָנט פֿאָרויסזען איר רעאַקציע צו אַזאַ וויזיט, און ווי אַזוי איך אַליין וועל דאָס אויפֿנעמען. כ'האָב דעם שריט אָפּגעלייגט פֿון איין טאָג אויפֿן אַנדערן.

אַזוי איז פֿאַרבײַ עפּעס מער ווי אַ יאָר. איך האָב געגומען הערן פֿון באַקאַנטע, אַז עדזשע הייבט אָן קומען צו זיך, אַז זי גייט יעדן טאָג אין וואַרשטאַט און פֿירט ווי־נישט־איז די בײַטל־ביזנעס ווײַטער. מענטשן האָבן געגומען רעדן, אַז עדזשע האָט אַן אײַזערנעם כאַראַקטער. דערנאָך האָב איך געהערט, אַז דאָס וואַרשטאַטל אירס וואַקסט, און, אַז נישט געקוקט אויף די שלעכטע צײַטן, האָט זי אָנגעשטעלט נאָך צוויי פֿאַכלײַט צו דער אַרבעט. עפּעס האָב איך אויך געהערט, אַז זי ניצט אויס אירע אַרבעטער אויף אַ גאָר נישט שיינעם אופֿן.

די צײַט איז געלאָפֿן פֿאָרויס. לאַלעק איז מיר נאָך אַלץ אָפֿט געקומען אויפֿן געדאַנק, און נאָך אָפֿטער — עדזשע. כ'האָב נאָך אַלץ געפֿלאַנט אָנצוקלינגען צו איר. מער ווי איין מאָל האָב איך שוין געהאַלטן דאָס טרײַבל אין דער האַנט, נאָר עפּעס אַ וואָרענענדיק קול האָט מיר באַפֿוילן עס צוריקצולייגן. צו וואָס קלינגען? וואָס וועל איך איר זאָגן? בעטן בײַ איר, זי זאָל מיר מוחל זײַן? האָב איך דען באַדויערט מײַן אויפֿפֿירונג מיט לאַלעקן, אַפֿילו אויב זי איז נישט געווען מאָראַליש כשר? האָב איך נישט טײַער געהאַלטן די דערמאָנונגען פֿון די שעהען וואָס איך האָב געהאַט פֿאַרבראַכט מיט אים? און פֿאַר וואָס וואַרפֿן זיך דעם וואָלף אין פּיסק אַרײַן? יאָ, איך האָב איצט אויסגעקוקט, אַז עדזשע זאָל אָנווײַזן מיטן טײַטפֿינגער אויף מיר — און נעמען נקמה.

און אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען, ביז איין מאָל אָן אָוונט בין איך פּלוצעם געקומען פּנים־אל־פּנים מיט עדזשען, בעת אַן איבעררײַס פֿון אַ טעאַטער־פֿאָרשטעלונג. זי איז געשטאַנען אַרומגערינגלט מיט אַ גרופּע מענער און פֿרויען, לגמרי אומבאַקאַנטע פֿאַר מיר, און האָט געהאַלטן אַ גלעזל ליקער אין דער האַנט. אַוודאי האָב איך געוווסט, אָן שום ספֿק, אַז דאָס איז עדזשע — דאָך בין איך נשתומם געוואָרן. פֿאַר מיר איז געשטאַנען לגמרי אַן אַנדער געשטאַלט: אַ צעבליטע צוציִענדיקע פֿרוי — און עפּעס ווי אַן אָפּשפּיגלונג פֿון מיר אַליין.

זי האָט געטראָגן אַן עלעגאַנטן קאָסטיום, און מײַן געניט פֿאַכמעניש אויג האָט אויפֿן אָרט דערקענט, אַז דער שטאָף איז ערשטקלאַסיק, אימפּאָרטירט, און אַז דער קאָסטיום גופֿא איז צוגעשניטן אינעם סטיל, וואָס איך האָב אַרײַנגעפֿירט אין דער מאָדע. אין די שיך אויף הויכע קנאַפּלען, זייער ענלעכע צו מײַנע, מיט די דינע געטאָקטע פֿיס, מיט דער פּערפֿעקט־אויסגעגלײַכטער פּלייצע און דעם קאָפּ שטאָלץ אויפֿגעהויבן איבער די אַקסלען, איז זי אויסגעקומען מיט אַ קאָפּ העכער פֿון דער אײַנגעשרומפּענער עדזשען,

וואָס איך האָב געקענט, שיִער נישט אַזוי הויך ווי איך. איר דראַבנע פּנים מיט אידעלע דעליקאַטע שטריכן, מיטן קליינעם נעזל און קליינעם מויל, איז געווען אַרומגענומען מיט אַ כמאַרע פֿון אַנדולירטע לאָקן, געפֿאַרבט אויף שוואַרץ, מײַן האַרקאַליר, און פֿאַרקאַמט אין מײַן סטיל. זי האָט מיך דערמאָנט אָן אַ צעעפֿנטער בלום. נאָר אַ פּאָר טיפֿע קנייטשן אויפֿן שטערן, וואָס איך האָב באַמערקט צווישן די האַרפּאַסמעס, האָבן עדות געזאָגט, אַז דער בלום איז אָנגעקומען נישט לײַכט זיך אויסצוגלײַכן.

די קאָמישסטע זאַך איז געווען, וואָס נישט געקוקט אויף אונדזער ענלעכן אויסזען, האָט עדזשען לאַנג גענומען מיך צו דערקענען, ציִ אפֿשר האָט זי נאָר געמאַכט דעם אַנשטעל, אַז זי דערקענט מיך נישט. אָבער ווען איך בין נישט אָפּגעטראָטן, נאָר געשטאַנען און זיך געגאַפּעט אויף איר, האָט זי לסוף אַרויסגעלאָזט אַן אויסגעשריי פֿון איבעררײַשונג און איז צו מיר צוגעפֿאַלן אַ צעשטראַלטע. זי האָט מיך אַרומגעכאַפּט מיטן פֿרײַען אָרעם און מיך אַזוי געפּרעסט צו זיך, אַז, פּונקט ווי אַ מאָל, האָב איך מורא באַקומען, אַז זי וועט מיך דערשטיקן. גלײַך דערנאָך האָט זי פֿאַר מיר באַשטעלט אַ גלעזל ליקער און מיך פֿאַרגעשטעלט פֿאַר איר געזעלשאַפֿט. זי האָט מיך אויסגעלויבט פֿאַר אירע פֿרײַנד ביז אין די הימלען, מיט אַ באַרעדעוודיקייט און הומאָר, אַז דאָס בלוט איז מיר געקומען אין פּנים, אַזוי אומבאַקוועם און דערבײַדעריקט האָב איך זיך געפֿילט.

„רעלאַ איז אַ שאַפֿערישער און פּראָדוקטיווער מענטש — האָט זי אויסגעפּירט, און דערנאָך מיך אַ פֿרעג געטאָן — וואָס זאָגסטו עפּעס צו דער פֿאָרשטעלונג, האַ? אַט דער פּינטער גייט מיר אין די ביינער אַרײַן, פּונקט אַזוי שטאַרק ווי טענעסי וויליאַמס איז ער, נישט אַזוי?"

מיט באַגײַסטערונג האָט זי זיך פֿונאַנדערגערעדט וועגן פּינטערן, מיט אַזאַ בקיאות, אַז כ'האָב איפּערזיכטיק געשלונגען יעדער וואָרט. איר געפֿאַרבט קליין מויל האָט געשיט מיט פּערל. אירע אויגן האָבן געשײַנט פֿון תּענוג.

„פֿאַר וואָס זעט מען דיך נישט בײַ אונדזער חבֿרה?" — האָט עפּעס מיך אַ שטויס געטאָן זי צו פֿרעגן.

זי האָט זיך, ווי אַ שולדיקע, פֿאַרענטפֿערט:

„כ'האָב נישט ווען. די טעג זײַנען מיר צו קורץ... מיט דער פֿאַבריק און די אַלע זאַכן וואָס כ'האָב אָנצויאָגן. אָבער אַדרבא, לאָז מיך וויסן. אַז איר וועט זיך ערגעץ אויסקלײַבן, וועל איך גערן מיטקומען. כ'האָב אײַך אַזוי לאַנג נישט געזען".

אונדזער חבֿרה האָט זיך גענומען באַגעגענען מיט עדזשען. סוף־כּל־סוף האָט אונדז אַזוי פֿיל געבונדן מיט איר, בפֿרט מיך. און יעדער מאָל וואָס מיר האָבן זיך מיט איר באַגעגנט איז זי געשטיגן אַ שטאַפּל העכער אין אונדזערע אויגן. פֿון איר כיכיקעדיקן אַמאָליקן שטאַמלעניש איז קיין זכר נישט געבליבן. להיפּוך. זי איז געווען אַגרעסיוו און איבערצײַגנדיק אין אירע רייד. זי איז געווען קלוג, אָנגעפּיקעוועט מיט אַ טיפֿן וויסן, און האָט געהאַט אַ ווונדערלעכן חוש פֿאַר הומאָר. זי האָט בײַגעטראָגן דאָס זאַלץ און דעם פֿעפֿער צו אונדזערע דיסקוסיעס. אַפֿילו דער צוריקגעהאַלטענער פּאַוועל האָט זי גענומען ערנצט און, אַ דאַנק איר, זיך גענומען אַקטיוו באַטייליקן אין אונדזערע שמועסן. מיר האָבן אָנגעהויבן צו שפּירן, אַז יעדער צוזאַמענטרעף אָן עדזשען קומט אַרויס פֿאַרבלייכט. מער נאָך ווי עס האָט געפֿלעגט זײַן דער פֿאַל מיט לאַלעקן. עפּעס האָט עדזשע צוגעגעבן מער וואָגיקייט, מער באַטײַט צו דער פֿרײַנדשאַפֿט פֿון אונדזער גרופּע.

איך וואָלט געזאָגט, אַז דער איינציקער שטער אין אונדזער האַרמאָניש

פֿאַרברענגען מיט עדזשען איז געווען גראָד דער פֿאַקט וואָס עדזשע איז געווען אַ פֿרוי. אַ פּאַראַדאָקס! מיר פֿרויען האָבן בפֿירוש באַמערקט, אַז זי כּישופֿט די מענער מיט איר חכמה און חן, בפֿרט פּאַוועלן. און דאָס האָט פֿאַמעלעכל גורם געווען, אַז בײַ די פֿרויען זאָל, צוזאַמען מיט דער באַוווּנדערונג פֿאַר עדזשען, אויפֿקומען אַ שאַטנדל פֿון קינאה אין די הערצער. מיר האָבן זיך געשעמט מיט אָט דעם געפֿיל. סוף־כּל־סוף איז דאָך דאָס געווען די זעלביקע, די אַמאָליקע עדזשע.

איך אַליין האָב זיך געפֿילט נאָך ערגער ווי די אַנדערע פֿרויען. זי האָט מיך געמאַכט פֿילן שפּל דערמיט, וואָס זי האָט אוזורפּירט מײַן פּאָזיציע אין דער גרופּע. איך בין בשום־אופֿן נישט געווען אינטעלעקטועל הינטערשטעליק לגבי איר, בפֿרט נישט אין ענינים פֿון דעם מאָדערנעם לעבן, פֿון דער מאָדערנער קולטור. אָבער עדזשע האָט, פּונקט ווי פּאַוועל, אָפּגעלאַכט פֿון דער מאָדערנער קולטור, אָפּגעלאַכט פֿון אונדזער לאָזן זיך טראָגן אויף די פּראָדוקציע־כוואַליעס פֿון נײַע ביכער, נײַע מאָלערײַען, טעאַטער־פּיעסעס און נײַער מוזיק. זי האָט דאָס אַלץ באַטראַכט פֿאַר שפּימבע־דעגימבע, פֿאַר פֿאַרבײַגייענדיקע פֿענאָמענען, וואָס זײַנען געווען דער רעזולטאַט פֿון דער נאָכמלחמהדיקער צעטומלעניש אין ווערטן אויף אַלע געביטן פֿון מענטשלעכן שאַפֿן. זי האָט זיך געהאַלטן בײַ איר שעקספּירן, בײַ טאָלסטוי, דאָסטאָיעווסקי, טאָמאַס מאַן און זייער גלײַכן. און דער פּועל־יוצא דערפֿון איז געווען, אַז איך, וואָס האָב געפּלעגט אַזוי אַקטיוו בײַטראָגן צו אונדזערע שמועסן, האָב זיך געשראָקן אויפֿצומאַכן דאָס מויל. כ'האָב מורא באַקומען, אַז בײַ דער מינדסטער געלעגנהייט וועט עדזשע אַרויסקומען קעגן מיר מיט אַ שלאָגנדיקן אַרגומענט. זי וועט מיט איר געשליפֿענעם צינגל מיך קאָמפּראָמיטירן פֿאַר אַלעמען אין די אויגן. צי, אַז זי וועט גאָר, אַ צעהיצטע, אַ ציל טאָן מיטן ווײַזפֿינגער אין מײַן ריכטונג און אויסשרײַען: „ווי דערוועגסטו זיך אָפּצורופֿן? דו ביסט דאָך געווען אַ קאַפּאָ!”

אָבער דער משונהדיקער צוציִונג־כּוח וואָס האָט געווירקט צווישן עדזשען און מיר, האָט, נישט געקוקט אויף אַלע אַנדערע געפֿילן, גורם געווען אַז עדזשע און איך זאָלן, גראָד צו יענער צײַט, ווערן באמת אינטימע פֿרײַנדינס. אַחוץ דעם אַמאָל וואָס האָט אונדז אַזוי שטאַרק געבונדן, האָבן מיר איצט אויך געהאַט אַ שײַכות מיט אַנאַנד צוליב מײַן מאָדע־אַטעליע און איר בײַטל־פֿאַבריק. מיר האָבן זיך לײַכט אָריענטירט איינע אין דער אַנדערערס ביזנעס־פּראָבלעמען. מיר האָבן זיך קעגן אַנאַנד אינספּירירט, וואָס שייך נײַע מאָדע־קאָנצעפּציעס און רעקלאַמע־אײַנפֿאַלן. אַחוץ דעם האָט מיר געשמייכלט — הגם מיר פֿלעגט זיך אויך דאַכטן, אַז זי חוזקט פֿון מיר — וואָס זי האָט ממש רעליגיעז אויסגעפֿירט אַלע מײַנע אָנווײַזונגען וואָס נוגע איר אייגענער קליידונג און סטיל פֿון לעבן.

עדזשע איז סײַ ווינטער, סײַ זומער געווען אין בעסטן געזונט. כ'האָב זי קיין מאָל נישט געהערט אַפֿילו אַ קרעכצעלע געבן. ווען כ'האָב אַ מאָל געמאַכט אַ באַמערקונג וועגן אירע חלאָתן, האָט זי מיר געענטפֿערט, ווי זי וואָלט זיך אַליין געוווּנדערט:

„יאָ, ס'איז ווי מיט דער האַנט אָוועקגענומען. מסתּמא האָב איך זיך אַ מאָל געפֿלעגט נאָר פּיעשטשען — זי האָט געמאַכט אַ לצניש אייגל צו מיר — מײַן נעמען זיך צום ספּאָרט האָט אפֿשר געהאָלפֿן”.

עדזשע איז געוואָרן אַ דיסציפּלינירטע ספּאָרטלערין און האָט אַרויסגעוויזן דערבײַ אַ שטוינענדיקע גענייטקייט. זי האָט זיך אַפֿילו גענומען צום שפּילן טעניס, און האָט אויך

מיך אַרײַנגעצויגן דערין. אחוץ דעם האָבן מיר ביידע יעדן שבת־זונטיק, אַפּילו אין רעגן און אין שניי, געהאַט אַ ראַנדעוווּ באַלד אין דער פֿרי. מיר האָבן זיך באַגעגנט אויפֿן שפּיץ פֿון מאָנט־ראָיאַל־באַרג, אונטערן צלם, און אויסגעקליידט אין ספּאָרט־קאָסטיומען, האָבן מיר געמאַכט אַ פּאָר קילאָמעטערדיקע לויפֿרונדעס, אַראָפּ צו דער אָזערע און צוריק צום צלם. דערנאָך האָבן מיר, צעיאָכמערטע און צופֿרידענע זיך אַוועקגעלאָזן צו מיר אַהיים, גענומען אַ שפּריץ און זיך אַ פּאָרע געטאָן אין דער קיך. עדזשע האָט געמאַכט אירע בארימטע פּײַנקוכנס, און איך האָב פּאַרקאַכט און סערווירט מײַן ספּעציאַליטעט, אַ גוט טעפּל שאָקאָלאַד־מילך. מיר האָבן זיך אויסגעצויגן אויפֿן בעט, אָנגעשטעלט איין מוזיק־פּלאַטע אַ קלאַסישע, צופֿרידן צו שטעלן עדזשעס געשמאַק, אַ צווייטע מוזיק־פּלאַטע אַ מאָדערנע, צופֿרידן צו שטעלן מײַן געשמאַק, און מיר האָבן געפּלאַפּלט, געשפּאַסט, און אויך ערנצט געשמועסט וועגן האַרץ־ענינים — אָבער קיין מאָל נישט אין שײַכות מיטן קאַצעט.

אַז די טעמע לאָלעק האָט זיך אָנגעבאָטן, האָבן מיר זי נישט אויסגעמיטן. פּאַרקערט. מיר זײַנען ביידע שטאַרק אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין שמועס. נישט געוועזן קיין שפּור פֿון פֿאַרוואָרף אין עדזשעס רייד, וואָס נוגע מײַנע באַציִונגען מיט לאָלעקן. צו מאָל האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז זײַן נאָמען איז טײַערער מיר, ווי ער איז איר. מײַן קול האָט געקלונגען ווינציקער זיכער, ווי אירס. איך האָב מער ווי געוויינטלעך געפּילט, אַז איך בין אין אירע הענט. אָבער דאָס האָט מיך עפּעס אויפֿגעהערט צו אַרן. און אַזוי איז אונדזער שמועס אָנגעגאַנגען אין אַ טאָן פֿון האַרציקן באַדויער. מיר האָבן אַנאַליזירט לאָלעקס קאָמפּליצירטע טראַגישע פּערזענלעכקייט, און דערנאָך געלאָזט אים אַוועקשווימען מיטן שטראָם פֿון אונדזערע רייד, און מיר האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף מענטשן און געשעענישן, וואָס האָבן געהאַט אַ דירעקטן שײַכות צו אונדזער איצטיקייט.

בעת אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט איז אָנגעגאַנגען, האָב איך זיך אָנגעהויבן מער און מער צו נייטיקן אין עדזשען, און זי אין מיר. איך האָב גענוי געפּילט נישט נאָר עדזשעס גײַסטיקע איבערוואָג איבער מיר, נאָר איר איבערוואָג ווי אַ מענטש מיט אַ ריין געוויסן. איך בין תּמיד געווען אָנגעשפּיצט צו דעם וואָס זי וועט זאָגן, וואָס זי וועט טאָן. איך אַליין בין געוואָרן ווי אירס אַ ווידערקול. כ׳האָב נאָכגעזאָגט אירע ווערטלעך, נאָכגעמאַכט אירע שפּאַסן. כ׳האָב זיך גענייטיקט אין איר ליבע, און האָב איר אין אַלעם נאָכגעגעבן. זי פֿון איר זײַט, האָט אויסגעזוען נאָכצומאַכן מײַנע מאַנירן און מײַנע טעגלעכע פּירעכצער. זי האָט קאָפּירט מײַן אויסזען, מײַן האַלטונג, און מײַן שטרעבן צו גיין מיט דער צײַט אין הילכות פֿון עלעגאַנץ און מאָדע. פֿון צײַט צו צײַט האָבן מיר געהאַט מאָמענטן, ווען ס׳איז אונדז באַפֿאַלן אַ חשק אַ שטאָך צו געבן איינע דער אַנדערער, מיט אַ חוזקדיקער איראָנישער שאלה, צי אַ באַמערקונג, אָבער איך האָב זיך תּמיד אויסגעהיט נישט אַרײַנצוברענגען זי אין אַ כּעס.

איין מאָל, ווען כ׳בין אַרויפֿגעקומען צו איר אין דער דירה און האָב זיך אַרומגעקוקט, האָב איך באַמערקט, אַז איך זע נישט דעם שוואַרצן קאָטער אירן. האָב איך זי אַ פֿרעג געטאָן: „זאָג נאָר, עדזשע, איך זע עפּעס נישט אין ערגעץ דעם לאָוערבוי דײַנעם. ווו איז ער ערגעץ?״

זי האָט מיך אָנגעקוקט ווי זי וואָלט נישט פֿאַרשטאַנען וואָס איך פֿרעג. דערנאָך האָט זי זיך געכאַפּט און האָט זיך צעלאַכט: „אַ, דעם קאָטער מיינסטו? כ׳האָב אים שוין נישט דרײַ יאָר. כ׳האָב אים נישט־ווילנדיק אָפּגעבריט מיט אַ טשײַניק הייס וואַסער״.

איך האָב אויפֿגעשוויז'ערט, ווי זי וואָלט מיך אין אָט דער רגע געהאַט אָפּגעגאָסן מיט אַ טשײַניק אײַז־קאַלט וואַסער.

□

דער קאַלענדאַר האָט זיך געבלעטערט מיט אַ יערלעך־שטײַגנדיקער גיכקייט. מײַן קאָמפּליצירטע פֿרײַנדשאַפֿט מיט עדזשען האָט געבליט, אָבער איר פֿרײַנדשאַפֿט מיט די פֿרויען פֿון אונדזער קרײַז איז פֿאַרוועלקט געוואָרן, צוליב עדזשעס אַגרעסיווער אויפֿפֿירונג און דעם אינטערעס וואָס זי האָט אַרויסגערופֿן בײַ די מענער.

אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען, ביז מיר האָבן אַנטפּלעקט, אַז פּאַוועל האָט זיך פֿאַרליבט אין עדזשען איבער די אויערן. פּאַוועל איז אין יעדן פּרט געווען דער היפּוך פֿון לאַלעקן, און נישט געקוקט אויף באַשטימטע מעלות זײַנע, האָט ער קיין מאָל נישט פֿאַרנומען בײַ אונדז אַזאַ פּאָזיציע ווי לאַלעק. ער האָט נישט פֿאַרמאָגט לאַלעקס חן און צוציִענדיקע יינגלישקייט. ער איז געווען צו ניכטער און האָט איבערגעשטיגן לאַלעקן אין איין פּרט: מיט זײַן ערלעכקייט. ער איז שוין געווען צו אויפֿריכטיק פֿאַר מײַן געשמאַק. מער ווי איין מאָל האָט ער מיט זײַנס אַ באַמערקונג אָפּגעהאַקט די פֿליגל פֿון דער חבֿרהס ספּאָנטאַנעם ענטוזיאַזם.

עס האָט נישט לאַנג גענומען און פּאַוועל איז זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען מיט סילוויאַן. אַ גט איז בקרובֿ נאָכגעקומען. פּאַוועל איז אַוועק וווינען מיט עדזשען, און ווי פֿון הײַנט אויף מאָרגן, האָבן זיי חתונה געהאַט.

דער דראַמאַטיש־ראָמאַנטישער סקאַנדאַל אין אונדזער קרײַז, האָט אַרויפֿגעבראַכט צו דער אייבערפֿלאַך די אונטערשטראָמען פֿון פֿאַראיבל סײַ קעגן עדזשען, סײַ קעגן פּאַוועלן. מען האָט זיך אויפֿגעהערט מיט זיי צו באַגעגענען.

וואָס שייך מיר פּערזענלעך, האָב איך טיף אין האַרצן געשפּירט אַ טאָפּעלע שאַדנפֿרייד. כ'האָב תּמיד געהאַט אַ מין פֿאַרבאָרגענע סאַטיספֿאַקציע, ווען איך האָב געהערט, אַז אַ פּאָרל איז זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען. דאָס האָט מיר באַוויזן, אַז איך האָב גאָרנישט היזק געהאַט אין מײַן אייגענעם לעבן. פֿון דער אַנדערער זײַט, בין איך געווען צופֿרידן וואָס עדזשע האָט נאָך אַ מאָל חתונה געהאַט. כ'האָב געהאָפֿט, אַז דאָס וועט אָפּשוואַכן איר משונהדיקן כּוח איבער מיר. כ'האָב זיך אײַנגערעדט, אַז איך קען גוט מענטשן, און כ'קאָן פֿאָרויסזען זייער אויפֿפֿירונג. עדזשע האָט, לויט מיר נאָך, געהערט צו דעם טיפּ פֿרויען, וואָס נעמען אויטאָמאַטיש אָן די זעלביקע ראָלע אין צוזאַמענלעבן מיט יעדן מאַן, מיט וועלכן זיי פֿאַרבינדן זיך, אַפֿילו אויב די מענער זײַנען אַזעלכע קאָנטראַסטן ווי פּאַוועל און לאַלעק זײַנען געווען. אין מײַן דמיון האָב איך געזען ווי עדזשע הערט אויף מיר נאָכצוקאָפּירן אין אויסזען און מאַנירן — וואָס דאָס האָט מיך אומרויִק געמאַכט — און זיך בהדרגהדיק צוריק פֿאַרוואַנדלען אין דער הכנעהדיקער, נעבעכדיק־שמייכלענדיקער שלימזלניצע, וואָס איך האָב געדענקט פֿון אירע צײַטן מיט לאַלעקן. מיט הנאה האָב איך אויסגעפֿאַנטאַזירט די מאָדעלן פֿון די שלאַבעריקע טראַכטן אירע, און האָב זי אויסגעצירט אין זיי קאָמפּלעט, מיט אַ נײַעם שוואַרצן קאָטער בײַ אירע פֿיס.

אַ לאַנגע צײַט האָב איך נישט געהערט וועגן עדזשען און פּאַוועלן און האָב זיך מיט זיי נישט באַגעגנט, נישט ווײַל עדזשע איז נישט געווען אויף מײַן מחשבֿה און איך האָב נישט געהאַט דעם אימפּולס איר אָנצוקלינגען. כ'האָב נישט געקאָנט אָפּוועגדן דעם

געדאַנק פֿון איר. נאָר איך האָב זיך געצוווּנגען זיך צו האַלטן פֿון דער ווײַטן, פֿאַר מײַן אייגענעם ווייל, כּדי זיך צו אָנטשפּאַנען אין אַ סבֿיבֿה וווּ קיינער האָט נישט געוווּסט פֿון מײַן אַמאָליקער קאַריערע ווי אַ קאַפּאָ, און האָט נישט געקאָנט אָנטײַטן אויף מיר מיט אַ פֿינגער. בין איך פֿאַרבליבן לאָיאַל צו מײַן גרופּע פֿרײַנד. סײַ־ווי האָב איך פֿאַוועלן נישט גערן געהאַט. איך האָב אַפֿילו באַוויזן צו גלייבן, אַז איך האָב זיך סוף־כּל־סוף באַפֿרײַט פֿון עדזשען, נישט געקוקט אויף מײַנע פֿאַרעקשנטע טראַכטענישן וועגן איר.

ביז דער טאָג איז געקומען, ווען כ׳האָב זיך מער נישט געקאָנט אָפּהאַלטן און האָב זיך אײַנגערעדט, אַז ברענענדיק־דרינגלעכע געשעפֿט־ענינים צווינגען מיך צו פֿאַרשטענדיקן זיך מיט עדזשען. כ׳האָב צו איר אָנגעקלונגען. אַ קול האָט מיר געענטפֿערט אויף גריכיש, און כ׳האָב פֿאַרשטאַנען, אַז עדזשע וווינט נישט מער אויף דער עספּלאַנאַד־גאַס. כ׳האָב גענומען זוכן אין טעלעפֿאָן־בוך און האָב אַנטפּלעקט, אַז עדזשע וווינט אין דער שיינער רעזידענץ־געגנט אויף יענער זײַט פֿון באַרג. כ׳האָב צו איר אָנגעקלונגען. זי איז געווען ביז גאָר פֿרײַנדלעך, אַפֿילו צו פֿרײַנדלעך. זי האָט מיך פֿאַרבעטן, אָדער בעסער געזאָגט, איך האָב געזען דערצו, אַז זי זאָל מיך פֿאַרבעטן צו זיך אין הויז. סוף־כּל־סוף האָט זי מיר קיין בייזס נישט געטאָן, און איך איר אויך נישט. אין מײַן עלטער און אין מײַן עלנט, האָב איך זיך מיט קיין אַלטע בוזעם־פֿרײַנד נישט געטאָרט וואַרפֿן. ס׳איז געווען אַזוי שווער צו געפֿינען נײַע.

אַזוי זײַנען מיר צוריק אַרײַנגעקראָכן אין אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט ווי אין אַ פּאָר אַלטע באַקוועמע שטעקשיך. איך האָב ווידער געקאָנט האַלטן עדזשען אויפֿן אויג. עס איז מיר געגאַנגען אין לעבן, נאָך מער ווי אין פֿאַל מיט לאָלעקן, אַז עדזשע זאָל נישט אויסּפּלאַפּלען פֿאַר פֿאַוועלן מײַן סוד. איך האָב נאָך אַלץ געהאַט אַ קאַלטן אַפּשײַ פֿאַר אים, און מורא געהאַט פֿאַר זײַן אָפֿענעם אַדורכנעמענדיקן בליק. איך האָב אויך געזען דערצו, אַז די חבֿרה פֿון אונדזער קרײַז זאָל זיך ווידער אָנהייבן צו באַגעגענען מיט אים און מיט עדזשען. עדזשע, אַ דאַנק איר פֿאַרבינדן זיך מיט פֿאַוועלן, איז נייטראַליזירט געוואָרן. די ווײַבערשע אײַפֿערזוכט האָט אויסגעוועפּט. סײַ־ווי האָט סילוויאַ, פֿאַוועלס געוועזענע פֿרוי, זינט אַ צײַט געלעבט אין פֿלאָרידע, וווּ זי האָט צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט.

גלײַך ווי מיר האָבן אַלע זיך אָנגעהויבן צו באַגעגענען בײַ עדזשען און פֿאַוועלן אין הויז, האָבן מיר באַמערקט, אַז צווישן אָט די צוויי מענטשן בליט אַ שפּעטע און הייסע ליבע, דער עיקר פֿאַוועלס ליבע. זי האָט ממש אַרויסגעשטראַלט פֿון אים ווי אַן אינטענסיוו הייס ליכט, אַ פֿלאַם וואָס האָט אַדורכגענומען די גאַנצע אַטמאָספֿער אין הויז.

איטלעכס מאָל וואָס מיר זײַנען געקומען פֿאַרברענגען מיט זיי — זיי האָבן אונדז גאָר אָפֿט פֿאַרבעטן — האָט עדזשע פֿאַרנומען דעם אויבנאָן און געפֿירט טיש. און פֿאַוועל האָט אונדז אַלעמען באַדינט, אַ צופֿרידן־צעשמייכלטער. שפּעטער אַרײַן, אַז די חבֿרה האָט זיך טעלעפֿאָניש אָפּגעשמועסט צו באַגעגענען זיך בײַ זיי, האָט מען מער נישט געזאָגט: מע גייט צו עדזשען און פֿאַוועלן. מ׳האָט געזאָגט: מען גייט צו עדזשען. און דאָס איז עס געווען. עדזשע האָט דאָמינירט די אָוונטן. טאָמער האָט דער תּמיד־יום־טובֿדיקער פֿאַוועל יאָ עפּעס אָנגעהויבן צו זאָגן, האָט עדזשע מיט אַ שפּאַס אים אויסגעכאַפּט די רייד, און מיר האָבן זיך אַלע געוווּלט, פֿאַוועל צוזאַמען מיט אונדז. טאָמער האָט עדזשע פֿירגעהאַלטן בײַם טיש, האָט פֿאַוועל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט איר צוגעגעבן מוט. אויב ער האָט זי אונטערגעהאַלטן מיט אַ באַמערקונג, האָט זי

אים צערטלעך אַרויפֿגעלייגט די האַנט אויפֿן מויל און ליבלעך געזאָגט: „העלף מיר נישט צו, טײַערער".

איך בין געוואָרן אַן אָפּטע אַרײַנגייערין בײַ עדזשען. זי האָט זיך פֿאַר מיר נישט קרעמפּירט, נישט געהאַט קיין סודות פֿאַר מיר, און גאָר געוואָלט וויסן ווי איך וואָלט געהאַנדלט ווען איך וואָלט געווען אויף איר אָרט. מיר פֿלעגן זיצן אין איר חדר־מיוחד, אין געראַמיקע שוואַרצע פֿאָטעלן איבערגעצויגענע מיט לעדער, וואָס זײַנען געשטאַנען האַרט לעבן פֿענצטער, דעם באַשטעלטן מיט וואַזאָנעס, מיט בלומען. עדזשע האָט פֿײַנט געהאַט געשניטענע בלומען. דער באַרג איז געווען גאָר נאָענט. ער האָט אַרײַנגעשטאַרט אין צימער מיטן צלם, וואָס האָט פֿון דאַנען אויסגעזען ריזיק גרויס.

„אָט דער צלם גייט מיר אומעטום נאָך, — האָט עדזשע זיך געקלאָגט פֿאַר מיר — ער שטעכט מיר אויס די אויגן. אפֿשר ווען כ'וואָלט געקאָנט אָנהענגען אַ יעזוס אויף אים, וואָלט ער מיך צו רו געלאָזט".

זי האָט דאָס געזאָגט אין אַ פֿליסטער, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז פּאַוועל, וואָס האָט זיך געפּאָרעט אין דער קיך און צוגעגרייט טיי, זאָל זי דערהערן. איך האָב קיין מאָל נישט געוווּסט וואָס זי איז אויסן געווען מיט אָט דעם זאָג, אָבער כ'האָב מורא געהאַט זי איבערצופֿרעגן.



איך האָב געוויינטלעך אויסגעמיטן זיך צו באַגעגענען מיט פּאַוועלן אויג־אויף־אויג. אָבער איין מאָל בין איך צו זיי אַרײַנגעקומען, און עדזשע איז נאָך נישט געווען אין דער היים פֿון דער בײַטל־פֿאַבריק. איך האָב, כּדי עפּעס צו זאָגן, אַ פֿרעג געטאָן וואָס עדזשע מאַכט.

זײַן פּנים האָט זיך אויסגעקרימט אין אַ ווייטיקלעכער גרימאַסע: „נישט צו גוט" — האָט ער מיר געענטפֿערט און מיך אַרײַנגעפֿירט אין אויפֿנעם־צימער. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פּנים־אל־פּנים צו מיר, און געלאָזט דעם טיפֿן בלוי פֿון זײַנע אויגן אַ פֿלייץ טאָן אויף מיר מיט אַ צענעמענדיקן טרויער: „דאָס הייסט, — האָט ער ווי אַרויסגעצוווּנגען די רייד פֿון זיך. — דאָס הייסט, אויבנאויפֿיק איז אַלץ אין אָרדענונג מיט איר. אָבער טיף אין איר האָט זיך גאָרנישט ניט געביטן. פּונקט ווי זי איז אַ מאָל געווען הכנעהדיק, איז זי הײַנט אָנגרײַפֿעריש, און דאָס אַלץ קומט פֿון דעם זעלביקן מקור, פֿון איר נישטיקייט־געפֿיל. איך האָב געהאָפֿט, אַז מײַן ליבשאַפֿט וועט איר ברענגען אַ היילונג, אָבער ווײַזט אויס, אַז די ווונד וואָס זי האָט באַקומען דאָרטן, קאָן אַפֿילו פֿון אַזאַ ליבע ווי מײַנע נישט פֿאַרהיילט ווערן. אפֿשר ווען זי וואָלט דאָס אַלץ געקאָנט אַרויסברענגען פֿון זיך... אָבער זי וויל מיט מיר דערוועגן נישט רעדן. האָט זי ווען נישט איז דיר דערציילט וועגן אירע איבערלעבונגען אין קאַצעט, רעלאַ? איר זײַט דאָך אַזעלכע נאָענטע פֿרײַנדינס".

„קיין מאָל נישט!" — האָב איך שאַרף אַ זאָג געטאָן און געשפּירט ווי מיר ווערט ענג אין האַלדז.

„קיין וואָרט נישט, האַ?" — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ, און ווי ער וואָלט מיד געוואָרן פֿון דער שפּאַנונג, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ פֿאָטעל, און מיך אויך פֿאַרבעטן זיך אַוועקצוזעצן. זײַנען מיר אַזוי לאַנג געזעסן אין שווײַגן און זיך אָנגעקוקט. מיר איז געווען ענג די וועלט. כ'האָב געבעטן צו דערהערן עדזשעס טריט אין דרויסן.

כ׳האָב בדעה געהאַט אויפֿצושפּרינגען פֿון אָרט און אַרויסצולויפֿן פֿון צימער. נאָר דאָ האָב איך דערהערט ווי ער זאָגט:

„עפּעס האָט זי מיר איין מאָל יאָ דערציילט אַ משונהדיקן חלום. אין דעם חלום האָט זי זיך געזען... געזען זיך אין דער ראָלע פֿון אַ קאַפּאָ. זי האָט פֿאַר מיר אַפֿילו באַשריבן איר אויסזען. און... און, זײַ מיר מוחל וואָס איך זאָג דיר דאָס, אָבער די געשטאַלט אין וועלכער זי האָט זיך געזען האָט געהאַט אַ גרויסע ענלעכקייט צו דיר. איך זאָג דיר דאָס, רעלאַ, נישט כּדי דיר ווי צו טאָן, גלייב מיר, נאָר כּדי דו זאָלסט זי בעסער פֿאַרשטיין. זי זוכט זיך אָפּ די באַענגסטע מענטשן, די געטרײַסטע, כּדי זיך נוקם צו זײַן פֿאַר דער עוולה וואָס איז איר געשען. אין תּוך זײַנען מיר דאָך אַלע אַזוי. — איצט האָט דער בלוי פֿון זײַנע אויגן מיך אַרומגענומען מיט אַן אומגעריכטער צענעמענדיקער וואַרעמקייט. — לאָמיר איר בײַשטיין, רעלאַ. זי איז דאָך אונדז ביידן טײַער. און ווער קאָן נאָך אַזוי גוט ווי מיר וויסן וואָס אין די טונקעלע ווינקעלעך פֿון איר נשמה טוט זיך אָפּ?"

איך ווייס נישט פֿאַר וואָס, נאָר איך האָב זיך צעוויינט. דאָס ערשטע און איינציקע מאָל אין מײַן נאָכמלחמהדיקן לעבן, האָב איך, פֿון אַלע מענטשן — זיך גראָד צעוויינט פֿאַר פּאַוועלן!



אַ צײַט שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט פֿון עדזשען, אַז פּאַוועל האָט אַ הויכן בלוטדרוק און אַ שוואַך האַרץ. עדזשע האָט אים געצוווּנגען אויפֿצוגעבן די פּראָפֿעסיע, און זי איז געוואָרן די איינציקע פּרנסה־געבערין. פּאַוועל האָט געהאַלטן דאָס הויז אין אָרדענונג. ער האָט אײַנגעקויפֿט די שפּײַז, געקאָכט און צוגעגרייט די מאָלצײַטן. פֿאַרשטייט זיך, אַז זײַנע מאכלים האָבן נישט געהאַט דעם טעם פֿון עדזשעס קאָכן. איך ווייס דאָס זייער גוט, ווײַל איך בין אָפֿט געבליבן בײַ זיי אויף אָוונטברויט. עדזשע פֿלעגט אָפֿט פֿאַרגעסן, אַז פּאַוועל דאַרף זיך אויסהיטן פֿון עסן שטאַרק געזאַלצענע מאכלים.

„דו זאָלסט צו ווינציק, לאָווערבוי — האָט זי אים שפּילעוודיק געגלעט דעם פּליך. זי האָט אים גערופֿן לאָווערבוי, ווי זי האָט געפֿלעגט רופֿן איר שוואַרצן קאָטער — וואָס איז געשען? דו האָסט מיך מער נישט ליב?" געוויינטלעך האָט עדזשע אַזעלכע אינצידענטן פֿאַרוואַנדלט אין אַ שפּאַס און מער ווי איין מאָל, ווען כ׳האָב געגעסן אָוונטברויט מיט זיי, האָבן מיר די זײַטן ווייַ געטאָן פֿון געלעכטער. אַזוי קאָמיש האָט עדזשע נאָכגעמאַכט דעם קוכער אירן, פּאַוועלן.

אַז מיר, אונדזער גאַנצע חבֿרה, זײַנען סוף וואָך אַרויסגעפֿאָרן אין די לאָרענשאַן־בערג אויף אַ צוויי טעג, איז עדזשע געווען די ענערגישסטע באַרגגייערין צווישן אונדז. זי פֿלעגט צושטיין, אַז פּאַוועל זאָל, פֿאָרן ווויל פֿון זײַן געזונט, אַרויפֿקלעטערן מיט איר אויף דעם צי אַן אַנדערן מילדן באַרג, וואָס זי האָט, מיט אײַנזעעניש פֿאַר אים, געהאַט אויסגעקליבן אַרויפֿצוקלעטערן. זי האָט געהאַלטן, אַז ער באַוועגט זיך צו ווינציק, און אַז דאָס קלעטערן וועט אים שטאַרקן. ווען זיי זײַנען אַראָפּגעקומען פֿאַרסאָפּעטע און עדזשע האָט זיך אָוועקגעזעצט אָפּרוען, האָט זי אים אָנגעהויבן צו שיקן אַ גאַנג: ער זאָל איר ברענגען אַ פּאָר אַנדערע שיך, ברענגען איר אַ קאַלטן טרונק, ברענגען אַ טיכעלע מיט אַדעקאָלאָן אָפּצווווישן דעם שווייס. אַז ער האָט, אַ צעפּרײַכטער, זיך אָוועקגעזעצט לעבן אונדז, האָט עדזשע אָנגעהויבן צו באַשרײַבן ווי אומגעלומפּערט פּאַוועל איז געווען בײַם קלעטערן. זי האָט דאָס געטאָן מיט אַזוי פֿיל שפּרודלדיקן

הומאָר, אַז עס זײַנען אונדז געקומען טרערן אין די אויגן פֿון געלעכטער — פֿאַוועלן אויך.

בעת מיר זײַנען געווען אין די לאַרענשאַן־בערג, האָט עדזשע אויך נישט פֿאַרגעסן אַן דער רוטין פֿון אונדזער איין־מאָל־אַ־וואָכיקן לויפֿן. זיבן אַ זייגער אין דער פֿרי האָט זי אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פֿון מײַן מאָטעל־צימער און אַכט אַ זייגער האָבן מיר זיך באַגעגנט אויפֿן שאָסיי וואָס האָט אַדורכגעשניטן אַ גאַדלוואַלד. פֿאַוועל האָט געוואַרט אויף מיר צוזאַמען מיט עדזשען. ער איז מיטגעלאָפֿן מיט אונדז אַ שטיקל וועג, און ווען ער איז מיד געוואָרן, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ סטאַמפּ פֿון אַן אָפּגעהאַקטן בוים, זיך אָפּגערוען און וואַרטן אויף אונדז.

בעת מיר זײַנען געלאָפֿן, האָט עדזשע זיך באַגײַסטערט מיט יעדן בליִענדיקן קווייטל, מיט יעדן מאַיעסטעטישן בוים. יעדער קעמפּע פֿון ווילדע בלומען האָט זי אַרײַנגעבראַכט אין אַ התפּעלות. איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ ווען זי האָט גערעדט, אָבער זיך משתּתּף געווען אין איר התלהבֿות האָב איך נישט. ווען עס קומט צו דער קאַנאַדישער נאַטור־שיינקייט בין איך ווי אַ דאַלטאָניסטקע. איך קוק און איך זע נישט. בעסער פֿאַר מיר אַזוי. די לאַנדשאַפֿט דערמאָנט מיך צו שטאַרק אָן דער געגנט צופּוסנס פֿון די קאַרפּאַטן־בערג, וווּ איך האָב געפֿלעגט פֿאַרברענגען מײַנע זומער־וואַקאַציעס אין די קינדער־יאָרן. איין מאָל, בעת מיר זײַנען געלאָפֿן, האָט עדזשע מיר אָנגעוויזן אויף אַ באַזונדערש קאָלירקער קעמפּע פֿון ווילדע בלומען, און האָט אַ זאָג געטאָן: „אין אוישוויץ זײַנען דאָך נישט געוואַקסן קיין בלומען, האַ, רעלאַ ? אָבער דו ווייסט, דאָרטן, כּדי צוצוגעבן זיך האַרץ, פֿלעג איך אויסכּישופֿן פּונקט אַזעלכע בלומען־קעמפּעס אין מײַן דמיון, און כ׳פֿלעג אויסצירן דעם גאַנצן ערדקײַלעך מיט זיי״.



דאָס לעצטע מאָל זײַנען מיר אַרויסגעפֿאָרן אין די לאַרענשאַן־בערג ערבֿ אַ הייסן זומערדיקן סוף־וואָך. ווען איך האָב, אַ באַגאַסענע מיט שוויס, געעפֿנט די אויגן אין דער פֿרי, האָב איך בפֿירוש געפֿילט ווי די לופֿט שווערט אַראָפּ אויף מיר. ס׳האָט זיך געשטעלט אַ נישט־געוויינטלעך דעמפּיקער טאָג. דער הימל האָט זיך געגרייט אויף אַ שטורעם.

אַט דעם אינדערפֿרי, נאָך איידער מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער לויפֿרוטין, איז פֿאַוועל אַוועקגעפֿאַלן אויפֿן שאָסיי און עדזשע און איך האָבן אים נישט געקאָנט אָפּמינטערן. איך בין אַוועקגעלאָפֿן אין מאָטעל אָנרופֿן אַ דאָקטער. ווען כ׳בין צוריק אַרויסגעקומען אויפֿן שאָסיי, האָב איך נאָך פֿון דער ווײַטן דערהערט עדזשען יאָמערן. כ׳האָב זי דערזען זיצן אין מיטן וועג, מיט פֿאַוועלס קאָפּ און האַלבן גוף אויסגעשפּרייט איבער איר שויס, ווי אַ פּיעטאַ־סקולפּטור ; ווי דאָס וואָלט געווען דער לעצטער קאָמענטאַר אירער אויף דער טעמע פֿון ליידיקן צלם.

„וואָס האָב איך געטאָן ? גאָט, וואָס האָב איך געטאָן ?״ — האָט זי געיאָמערט.

מען האָט פֿאַוועלן אַוועקגעפֿירט אין שפּיטאָל. עדזשע האָט זיך נישט אַוועקגעריסן פֿון אים. ווען נאָר איך בין אַרײַנגעקומען אין שפּיטאָל־צימער מבֿקר־חולה זײַן פֿאַוועלן, האָב איך געזען עדזשען זיצן אין דער זעלביקער פּאָזיציע, איבערגעבויגן איבער איר מאַנס גוף, זיך וויגן איבער אים און רעדן צעבראָכענע רייד, האַלבע פֿראַזעס, לאָמע ווערטער. אַז זי האָט מיך דערזען, איז זי פֿאַרשווייגן געוואָרן און געשטאַרט אויף מיר

דורך רויטע אָנגעשוואָלענע אויגן. דער גאַנצער צער פֿון דער וועלט האָט דורך אָט די אויגן אַרויסגעשריגן. ס׳איז פֿאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז ווידער האָב איך פֿאַר זיך אַן אַנדערע עדזשען, א לגמרי נײַעם מענטש, מיט אַ נײַ געמיט־פּנים, אַ נײַ וויסן; אַ וויסן וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום שײַכות צו דעם וויסן נאָך וועלכן איך און אונדזערע פֿרײַנד האָבן זיך אַזוי אײַפֿערדיק געפּלעגט יאָגן. וועמ איז זי געוועזן, אָט די דאָזיקע עדזשע? איך האָב פֿאַר איר מורא באַקומען. שטאַרק מורא באַקומען.

דאָס לעצטע מאָל ווען איך בין אַרײַנגעקומען אין שפּיטאָל־צימער, האָט עדזשע מיט די זעלביקע אויגן לאַנג, לאַנג געקוקט אויף מיר. אַ משונהדיק־פּאַרטיקער אויסדרוק האָט ווי אויסגעגלאַטיקט און רויקער געמאַכט איר פּנים. זי האָט זיך אויסגעגלײַכט, איז אַרומגעגאַנגען פּאַוועלס בעט און איז צוגעקומען צו מיר. אַזוי זײַנען מיר געשטאַנען אײנע אַנטקעגן דער אַנדערער און זיך אַדורכגענומען מיט די בליקן. דעמאָלט האָב איך דערהערט איר טרוקן, אָנגעלאָדנט קול אַרויסזאָגן די גורלדיקע ווערטער:

„איך דאַנק דיר, רעלאַ, פֿאַר האָבן געראַטעוועט מיר דאָס לעבן. איך דאַנק דיר פֿאַר אַלץ. נאָר איך האָב באַשלאָסן, אַז מיר ביידע, דו און איך, דאַרפֿן זיך מער קיין מאָל אין לעבן נישט זען. איך וויל נישט מער דײַן פֿרײַנדשאַפֿט און איך וויל דיר מער נישט געבן מײַנע. ס׳איז סײַ־ווי געווען אַ קראַנקע... אַ סמיקע... אַן אוממעגלעכע פֿרײַנדשאַפֿט".

אירע ווערטער האָבן אויפֿגעריסן דאָס האַרץ אין מיר ווי אַן עקספּלאָזיע. אַ כוואַליע פֿון פֿינצטערניש איז אַ פֿאַל געטאָן איבער מיר. עדזשעס פּסק־דין האָט מיך צעשמעטערט און געמאַכט מיך צו שטויב. דער סוף האָט אַ בלענד געטאָן פֿאַר מײַנע פֿאַרבלינדטע אויגן. און זינט דעמאָלט קוק איך אַרײַן אין אָט דער סופֿיקייט.



איך האָב עדזשען מער קיין מאָל נישט געזען. פֿון באַקאַנטע האָב איך זיך דערוווּסט, אַז פּאַוועל איז אַרויס פֿון דער סכּנה. עדזשע האָט אים אַהיימגעבראַכט. זי איז זיך מיט אים אומגעגאַנגען טאָג און נאַכט, געוואַכט און געציטערט איבער אים. פֿרײַנד האָבן מיר דערציילט וועגן דער שטימונג וואָס האָט געהערשט בײַ זיי אין הויז, און איך האָב זיך אין דמיון אַריבערגעטראָגן אַהין, געשפּירט די אָנגעלאָדענע שטילקייט, די דערוואַרטונג, ווי עמעץ וואָלט דאַרטן נישט אויפֿגעהערט מתפּלל צו זײַן. דערנאָך האָב איך געהערט, אַז פּאַוועלן איז שוין אַ סך בעסער, אַז ער גייט שוין אַרום איבער דער שטוב. פֿאַרזיכטיק, נישט אויסצוגעבן דעם פֿאַקט, אַז עדזשע האָט מיך פֿאַרטריבן פֿון איר לעבן, האָב איך נישט אויפֿגעהערט זיך נאָכצופֿרעגן וועגן זיי. דאָס איז איצט געווען דער איינציקער פֿאָדעם אָן וועלכן איך האָב זיך אומזיסט געפּרוווט אָנהאַלטן. אַזוי האָב איך זיך דערוווּסט, אַז פּאַוועל מעג שוין אַרויסגיין, און אַז ער איז שוין אויפֿן וועג געזונט צו ווערן, אַז אין זייער הויז הערשט אַנשטאָט דער פֿריערדיקער שפּאַנונג, אַ רו און אַ שטילקייט; אַז סײַ פֿון עדזשען, סײַ פֿון פּאַוועלן האָט אָנגעהויבן אַרויסצושטראַלן אַ פֿרייד און אַ געמיטלעכקייט. מען האָט מיר דערציילט, אַז פּאַוועל האָט אָנגעהויבן צו ווערן מער באַרעדעוודיק ווי ער איז ווען נישט איז געווען, און אַז עדזשעס הומאָר איז מער נישט אַגרעסיוו און בײַסיק, נאָר איז געוואָרן מילדער און סובטילער.

נישט לאַנג נאָך אָט די געשעענישן האָב איך עפּעס אָנגעהויבן צו פֿאַרלירן דעם

חשק צו קומען אויף די צוזאַמענטרעפֿן פֿון אונדזער קרײַז פֿרײַנד. איך האָב אַליין נישט באַמערקט ווי איך דערווײַטער זיך פֿון זיי, און ווי איך האָב פֿאַרלוירן די פּאַסיע פֿאַר זאַכן וואָס האָבן מיך אַ מאָל אינטערעסירט. איך האָב מער נישט פֿאַרמאָגט דעם טרײַב־כּוח און נישט דעם גײַגער זיך צו יאָגן נאָך דער כּסדר זיך־בײַטנדיקער צײַט. צײַט איז געוואָרן אַ שטייענדיק וואַסער, וואָס האָט געגליווערט אין איין אָרט. איך האָב אַרײַנגעקוקט דערין און געזען, אַז אַלץ וואָס איז מיר געבליבן איז געווען די נאַקעטקייט פֿון מײַן שולד. כ׳האָב זיך מער נישט געקאָנט אויסקליידן אין גאָרנישט. די עלנט האָט מיך אויפֿגעהערט צו אַרן. כ׳האָב אויסגעמיטן מענטשן און בעת־מעשׂה האָב איך פֿײַנט באַקומען מײַן שיינע דירה און מײַן „בוטיק עוראָפּעען". כ׳האָב געגעסן מײַנע מאָלצײַטן אין רעסטאָראַנען, און בין אָפּגעזעסן דאָרטן לאַנגע שעהען, געשטאַרט, זיך געגאַפֿעט און גאָרנישט געזען.

איין מאָל איז אַ פּאָרל צוגעקומען צו מיר אין רעסטאָראַן. פֿרײַנד פֿון מײַן אַמאָליקן קרײַז. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר בײַם טיש. מיך האָט נישט געאַרט. כ׳האָב זיי גאַנץ גערן געהאַט. זיי האָבן מיך געפּלעגט אַמוזירן. זיי האָבן געהערט צו די געציילטע פּאָרלעך אין דער גרופּע, וואָס האָבן געלעבט האַרמאָניש מיט אַנאַנד. זיי זײַנען געוואָרן זייער ענלעך צו זיך און האָבן אויסגעזען ווי אַ שוועסטער מיט אַ ברודער. זיי האָבן גערעדט ווי אין אַ דועט. ס׳איז נישט מעגלעך געווען זיך פֿונאַנדערצוקלײַבן וועמעס מחשבֿה איטלעכער פֿון זיי האָט אַרויסגעזאָגט, זײַנע צי אירע. זיי האָבן מיך געפֿרעגט פֿאַר וואָס איך קום נישט צו זייערע צוזאַמענטרעפֿן. כ׳האָב זיי געזאָגט דעם ליגן, אַז איך שטודיר איצט אויפֿן אוניווערסיטעט, און מיט מײַן פֿאַרנומענקייט אינעם בוטיק קלעקט מיר נישט קיין פֿרײַע צײַט. אויף אַ הינטער־אַרומיקן אופֿן האָב איך געמאַכט זיי קומען צו רייד וועגן פּאַוועלן און עדזשען.

„דו קאָנסט זיך גאָרנישט פֿאָרשטעלן, וואָס פֿאַר אַ רושם די געשעענישן מיט פּאַוועלן און זײַן רײַבן אַקסלען מיטן טויט, האָבן געמאַכט אויף דער חבֿרה, — האָט דער מאַן געזאָגט — מיר רעדן נאָך אַלץ דערוועגן און אין שײַכות דערמיט איז אויך די טראַגעדיע מיט לאָלעקן צוריק אויפֿגעשווומען פֿאַר אונדז, ווי זי וואָלט ערשט נעכטן געשען. עפּעס זעען מיר דאָס אַלץ ווי אין אַ נײַ ליכט".

דאָ האָט דאָס ווײַב איבערגענומען און האָט געזאָגט: „בײַ יעדער באַגעגעניש אונדזערער, וואַלקעווען מיר כּסדר די זעלביקע שאלה. און די שאלה איז: ווי האָט די וועלט געקאָנט עפּעס לערנען פֿון חורבן, אַז מיר אַליין, די ניצול־געוואָרענע, האָבן אויך פֿון אים ווייניק וואָס געלערנט. אין די באַציִונגען פֿון מענטש צו מענטש, זײַנען מיר אויף קיין האָר נישט בעסער און נישט קליגער געוואָרן. מיר זײַנען נאָך אַלץ מסוגל ווי צו טאָן איינער דעם אַנדערן".

„דאָס איינציקע וואָס מיר האָבן יאָ דערגרייכט — האָט געזאָגט דער מאַן — איז, אַז די נאָכווייענישן פֿון אונדזערע איבערלעבונגען זאָלן נאָך מער אויסקרימען די קרומקייטן פֿון איטלעכנס כאַראַקטער".

די פֿרוי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: „דאָס איז דאָך טאַקע די שאלה. ווי קאָן דער מענטש זיך דערזען קלאָרער אינעם שײַן פֿון יסורים־פֿלאַמען וואָס אַן אַנדערער מענטש גייט אַדורך, אַז ער אַליין ווערט נישט געבּיטן פֿון זײַנע אייגענע יסורים?"

כ׳האָב געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זייערע רייד גייען מיך שטאַרק אָן, כּדי זיי זאָלן קומען נענטער צו דער טעמע עדזשע און פּאַוועל. איך האָב זיך צעלאַכט: „אַזוי

איז דאָס! יעדער פֿון אונדז האָט אין זיך זיצן אַזאַ קליין מענטשעלע, אַ מין האָמונקולוס, וואָס בײַט זיך קיין מאָל נישט, און ער לצעוועט אַרום אין אונדזערע נשמות. די פֿלאַמען פֿון יסורים באַלײַכטן זײַנע שמד־שטיק אַ קאַפּינקעלע בולטער. און דאָס איז אַלץ וואָס יסורים טוען אויף".

דער מאַן האָט טרויעריק צוריקגעשמייכלט צו מיר: „דאָס איז דער סך־הכּל. ווײַל מיט די אַלע פֿילאָסאָפֿיעס אין וועלכע די חבֿרה האָט זיך אַרײַנגעלאָזט נאָך פּאַוועלס און עדזשעס איבערלעבונג, האָבן זיי נישט באַווירקט אונדזערע פּירעכצער אויף קיין האָר. ס'איז ביזנעס ווי געוויינטלעך. און דאָך, זעסטו... און דאָך האָבן זיך פּאַוועל און עדזשע יאָ געביטן".

„און נאָך ווי געביטן! — האָט די פֿרוי אויסגערופֿן. — אָבער מיר האָבן אויך באַמערקט, אַז נאָך דעם ווי פּאַוועל איז געזונט געוואָרן און זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט אונדז, האָבן מיר, ווי אַ גרופּע, עפּעס נישט געקאָנט אָנבינדן קיין קאָנטאַקט מיט זיי. אין אַ באַשטימטן זינען זײַנען זיי געוואָרן לאַנגווײַליקע מענטשן. כאָטש איך זאָג דיר אויפֿריכטיק, רעלאַ, מיר באַדויערן שטאַרק, וואָס פּונקט ווי דו, געפֿינען זיי נישט מער קיין צײַט צו קומען..."

דער מאַן האָט אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט אויף זײַן פֿרויס אַקסל: „דו מיינסט דאָך נישט, אַז זיי זײַנען באמת געוואָרן לאַנגווײַליקע מענטשן".

„אַוודאי נישט. כ'האָב דאָך געזאָגט: אין אַ באַשטימטן זינען".

ער האָט אײַנשטימיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: „ס'איז נאַר, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן צו פֿילן אַ משונהדיק גרויסע דיסטאַנץ צווישן זיי און אונדז".

הייסט עס, אַז עדזשע און פּאַוועל האָבן, פּונקט ווי איך, זיך דערווײַטערט פֿון דער גרופּע פֿרײַנד. ווי שטערן, זיי — ליכטיקע, און איך — אַ שוואַרצער; שטערן, וואָס ציִען אַוועק צו אַנדערע פּונקטן פֿון גראַוויטאַציע, — האָבן מיר זיך סוף־כּל־סוף אָפּגעריסן פֿון דער קאָנסטעלאַציע פֿון אַ פֿרײַנדשאַפֿט, וואָס האָט אונדז צוזאַמענגעהאַלטן במשך פֿון אַזוי פֿיל יאָרן. אָבער ווי אַ פּועל־יוצא דערפֿון, האָב איך זיך געפֿילט נאָך ווײַטער פֿון עדזשען און פּאַוועלן, ווי ווען נישט איז פֿריִער.

דאָ אָנומלטן האָב איך געהערט, אַז עדזשע און פּאַוועל האָבן ליקווידירט אַלע זייערע היגע געשעפֿטן און האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַ לאַנגער נסיעה איבער דער וועלט.



אַזוי האַלט איך איצט אויך בײַם אָנהייב פֿון אַ נסיעה — אַ נסיעה, אויף וועלכער עדזשע האָט מיר אָנגעטײַט מיטן באַזײַטיקן מיך פֿון איר לעבן. מיט דעם האָט זי צו גישט געמאַכט מײַן איינציקע רגע פֿון מענטשלעכקייט, ווי אַ רייניקונג פֿאַר אַלע מײַנע זינד. זי האָט קיין מאָל נישט אָנגעצילט דעם באַשולדיקנדיקן ווײַזפֿינגער אויף מיר, און דערמיט האָט זי מיך געלאָזט פֿילן אין אַלע מײַנע רמח־אבֿרים, אַז איך מוז אַליין אָנצילן דעם פֿינגער אויף זיך, און אויסרופֿן צו אַלע וועלטן: איך בין געווען אַ קאַפּאָ!

דאָס איז עדזשעס נקמה אין מיר. גוט. כ'בין סײַ־ווי מיד און קראַנק פֿון דער אימה דערשנאַפּט צו ווערן. מיד און קראַנק פֿון זיך. זיץ איך דאָ און קוק אויף מײַן רפֿואה, מײַן גלעזעלע, פֿול מיט ליכטיקע שלאָפֿפּילן, ווי קרעלן.

יעדער פֿאַרברעכער נייטיקט זיך אין דער רגע פֿון מישפּט, ווי מורא ער זאָל פֿאַר אים נישט האָבן. איך מישפּט זיך אַליין. גערנווייליק גיי איך מיר צוריק אין קאַצעט אַרײַן,

דעם אָרט פֿון מײַן פֿאַרברעכן. דאָס שטיק לעבן אינעם סענדוויטש צווישן ביידע קאַצעטן — דעם אַמאָליקן, אַרויסגעצװוּנגענעם, און דעם איצטיקן, דעם פֿון מיר אויפֿגעלעבטן — איז נישט געווען געשמאַק, און איז נישט ווערט געווען דעם פּרײַז, וואָס איך האָב פֿאַר אים באַצאָלט. איך נעם אַראָפּ דעם ליגנערישן אויפֿשריפֿט איבער דעם טויער פֿון אוישוויץ: „אַרבײַט מאַכט פֿרײַ״, און פֿאַרבײַט אים מיט אַ צווייטן: „דער טויט מאַכט פֿרײַ״. איך נעם אָן מײַן שוועסטערל, מאַניושען, בײַ דער האַנט און זאָג איר צו, אַז איך וועל זי מער קיין מאָל נישט פֿאַרלאָזן.

---

דעם פּרס־ביאַליק האָבן הײַיאָר (די 56סטע פֿאַרטיילונג) באַקומען: דער פּאָעט אַבֿנר טרײַנין און דער פּראָזאַיקער **א. ב. יהושע** — פֿאַר ליטעראַטור; פּראָפֿ׳ שלמה מורג און פּראָפֿ׳ שלמה אַבֿרמסקי — פֿאַר פֿאָרשונגען אין תּחום פֿון ייִדישע וויסנשאַפֿטן.

געעפֿנט דעם אָוונט (1989.2.21 אין זאַל רעקאַנעטי, תּל־אָבֿיבֿ) האָט דער ראָש־העיר שלמה להט. די זשורי: ד״ר דן לאור, יצחק עוגן, טוביה ריבנער (ליטעראַטור), פּראָפֿ׳ פּינחס פּלאי, פּראָפֿ׳ רבֿקה ש״ץ — (וויסנשאַפֿט).